ד״ר ת. שאָשקעס

# פּוילן — 1946

אײנדרוקן פון א רײזע

ד״ר ח. שאָשקעס

# פוילן — 1946

די הכנסה פון דעם דאָזיקן בוך איז באַשטימט

פאַרן הילפס־קאַמפּיין פון דעם פוילישן יידנטום.

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן
אין ארגענטינע
רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָווּשיאַני דערציילט... (אויספארקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספארקויפט)
3) וו. גראָסמאַן - י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספארקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש.
6) זרובבל: בארג חורבן (קאפּיטלען פּוילן)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13
פּראָפ׳ דר מאיר באַלאַבאַן: די יידן-שטאָט לובלין
מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן
ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאטן פון עבר.
פרידע זרובבל: נע - ונד (פארצייכנונגען פון א פּליטה)
דוד פלינקער: א הויז אויף גזשיבאָוו

## עס גרייט זיך צום דרוק:

נחום סאָקאָלאָוו: פּויליש-יידישע פּערזענלעכקייטן
טאַניאַ פוקס: א וואַנדערונג דורך אָקופּירטע לענדער
ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט.
ד״ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון יידן אין ווארשע
ד״ר יצחק שיפּער: יידן אין אַלטן פּוילן
צפורה קאַצענעלסאָן-נאַכומאָוו: יצחק קאַצענעלסאָן
זלמן וואַסערצוג: יאַנוש קאָרטשאַק
א. ל. שוסהיים: סילועטן און עפּיזאָדן פון גאַליציע
שמואל צעסלער: זאַבלודאָווע — די לעגענדע פון א יידיש שטעטל

---

ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות מיט דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
Pueyrredón 667 Buenos Aires

ד״ר ח. שאָשקעס

# פּוילן — 1946

(איינדרוקן פון אַ רייזע)



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל - פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע
פאַרלאַגס-לייטונג: א ב ר ה ם מ י ט ל ב ע ר ג
בוענאָס-איירעס, 1946

IMPRESO EN LA ARGENTINA
PRINTED IN ARGENTINE


Dr. H. SHOSKIES

# POILN—1946

(POLONIA EN EL AÑO 1946)

Editado por la

Unión Central Israelita Polaca en la Argentina

Buenos Aires, 1946.

Hecho el depósito que marca la Ley 11.723

INDUSTRIA ARGENTINA

# צו די לייענער

דאָס דאָזיקע בוך, דער אַכטער באַנד פון דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום", איז אַ דאָקומענט, וואָס נעמט אַרום דריי צייט־אָפּשניטן פון דעם יידישן לעבן אין פוילן.

דער מחבר פון דעם בוך, ד"ר חיים שאָשקעס, האָט זיך נישט געקענט באַגנוגענען בלויז דערמיט, וואָס ער האָט געזען בעת זיין רייזע איבער פוילן אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1946.

צו שטאַרק, צו אינטים איז ד"ר שאָשקעס פאַרבונדן מיטן פויליש־יידישן לעבן, אַז ער זאָל זיך קענען באַגרענעצן צו שילדערן בלויז דעם גרויסן חורבן.

כאָטש ד"ר שאָשקעס האָט זיין בוך באַשיידן באַצייכנט אַלס רייזע־איינדרוקן, פילט זיך דאָך פון יעדן קאַפּיטל, פון יעדער שילדערונג זיינע, אַז ער איז נישט געפאָרן קיין פוילן, בלויז בכדי צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן און צו הערן פון די לעבנגעבליבענע עדות דאָס אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונדזער חורבן, בכדי עס שפּעטער צו באַשרייבן.

ד"ר שאָשקעס האָט דורכגעלעבט און דורכגעפיבערט דעם גאַנצן חורבן, באַמיענדיק זיך דאָס שפּעטער צו שילדערן פאַר אונדז אין דער אָביעקטיווער פאָרם פון רייזע־איינדרוקן.

באַשרייבנדיק דעם היינט פון פויליש־יידישן חורבן, האָט דער מחבר אונדז אויך אַוועקגעפירט צום נעכטן — צו דעם פינצטערן נעכטן, וואָס איז געווען ווי אַ מין פּראָלאָג צום טראַגישן היינט.

דעריבער דערמאָנט אונדז ד"ר שאָשקעס זייער אָפט עפּיזאָדן און פאַקטן פון דעם יידישן לעבן ערב דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, פיבערט דורך צוזאַמען מיט די פּערזאָנען, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט, די אַלע גרויל־איבערלעבונגען פון דער אָקופּאַ־

ציע־צייט אין פוילן און ערשט דאַן מאָלט ער פאַר אונדז אויס אַ בילד פון דער היינטיקער פויליש־יידישער ווירקלעכקייט.

דער מחבר הויבט אָן זיין טראַגישע שילדערונג מיטן קדיש אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, בכדי דורך די באַזוכן אין די וויכטיקסטע פונקטן פון דעם אַמאָליקן פאַרבנרייכן יידישן לעבן, באַגעגענישן און געשפּרעכן מיט לעבנגעבליבענע מענער, פרויען און קינדער, מיט פירנדיקע פערזענלעכקייטן און מיט פשוטע פאָלקס־מענטשן, פאַרבינדן די דריי צייט־אָפּשניטן.

ד"ר חיים שאָשקעס, דער פאַרדינסטפולער און ענערגישער יידישער עסקן אין פוילן, דער שרייבער און וועלט־רייזנדער, האָט זיך באַמיט אויסצונוצן אַלץ, וואָס איז געווען אין זיין רשות, בכדי דאָס בילד פון פוילן אין יאָר 1946 זאָל זיין פולקאָם און אַלזייטיק.

קען דאָך ד"ר שאָשקעס דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן אין פוילן אַזוי גרינטלעך ווי זעלטן ווער. אַלס אָרגאַניזאַטאָר און פירנדיקער עסקן פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין פוילן פאַר דער מלחמה, אַלס איינער פון די בויער פון יידישע קאָאָפּעראַטיווע בענק און אַרבעטס־וואַרשטאַטן, וואָס זענען געווען דער יסוד פון דעם יידישן עקאָנאָמישן מאַסן־לעבן אין פוילן, איז ער אין משך פון לאַנגע יאָרן ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די יידישע מאַסן, איז געווען דורכגעדרונגען מיט זייערע באַדערפענישן, מיט זייער לעבנס־שטייגער, מיט זייער קאַמף פאַר רעכט אויף אַרבעט און רעכט אויף לעבן.

אַלס שרייבער האָט ער אין זיינע רייזע־איינדרוקן איבערן יידישן פוילן שטענדיק געגעבן אַ קלאָרע אָפּשפּיגלונג פון די אַלע פּראָבלעמען, האָט זיי באַלויכטן, בכדי זיי זאָלן באַקאַנט ווערן דער יידישער עפנטלעכקייט אין דער גאָרער וועלט, פונקט ווי דער נישט־יידישער עפנטלעכקייט.

אויפן גורל פון ד"ר חיים שאָשקעס איז אויך אויסגעפאַלן מיטצומאַכן דעם ערשטן פּעריאָד פון דער בלוטיקער נאַציסטישער אָקופּאַציע אין פוילן, אַלס איינער פון די פירנדיקע מיטגלידער פון דעם וואַרשעווער יודן־ראַט, וואָס דאָס אַליין האָט אים פאַרלייכטערט צו באַגרייפן די מעטאָדן, מיט וועלכע די נאַציס האָבן זיך באַנוצט אין זייער אויסראָטונגס־אַרבעט קעגן יידן, וואָס ער גיט איבער אין דעם דאָזיקן בוך אויפן סמך פון די שילדערונגען פון לעבנגעבליבענע עדות.

שוין ביים אָנהויב פון דער מלחמה האָט ד״ר שאָשקעס, גלייך נאָכן אַרויסראַטעווען זיך פון דעם נאַצי־אָקופּירטן פּוילן, פאַרעפנטלעכט פיל אַרטיקלען און אַ רייע ביכער אין יידיש, ענגליש און שפּאַניש, בכדי צו אַלאַרמירן די עפנטלעכקייט פון דער וועלט אויף דער נאַצישער גרויזאַמקייט.ליידער אָבער זענען זיינע וואָרענונגען, פּונקט ווי די וואָרענונגען פון פיל יידישע עסקנים געבליבן אָן דעם נייטיקן אָפּקלאַנג אין דער וועלט, וואָס האָט בלומרשט געקעמפט פאַר דער דעמאָקראַטיע...

דעריבער האָבן מיר איצט אַזאַ טרויעריק בילד פון דעם יידישן פּוילן.

ברענגענדיק פאַר דער עפנטלעכקייט דאָס דאָזיקע בוך פון ד״ר חיים שאָשקעס, באַרייכערן מיר בלי־ספק די פאָרשונגס־ליטעראַטור וועגן דעם חורבן פון פּוילישן יידנטום מיט אַ נייעם, וויכטיקן דאָקומענט, וואָס וועט דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר דעם צוקינפטיקן געשיכטע־שרייבער.

די רעדאַקציע.

בוענאָס־איירעס, אָקטאָבער 1946.

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיינע אומפאַרגעסלעכע שוועסטער

רבקה שיפּער,

ד"ר לאה שאַשקעס־אָפּענהיים,

ד"ר רחל שאַשקעס־יאַסעם,

מיט זייערע מענער און קינדער,

וואָס זענען אין יאָר 1943 אומגעקומען על קידוש־השם

אין ביאַליסטאָק און טרעבלינקע

הייליק איך דאָס דאָזיקע בוך.

ד ע ר מ ח ב ר.

I

# קדיש אויף די חורבות פון געטאָ

איך בין געווען אין פוילן!...

די לעצטע עטלעכע וואָכן האָב איך געלעבט ווי אין א בייזן חלום, דורכגעפלאָכטן מיט מוראדיקע בילדער, מיט פיבערדיקע, כמעט נישט רעאַלע טעג און נעכט, מיט אויפטרייסלונגען און באַגעגענישן, ווי אויף „יענער וועלט".

יאָ! דאָס איז אפשר דער פּאַסיקסטער אויסדרוק, וועלכן מען קאָן אין דעם פאַל באַנוצן: איך בין צוריקגעקומען פון יענער וועלט — פון גיהנום־דעפּאַרטאַמענט דאָרטן...

מיט זעקס יאָר צוריק האָב איך פאַרלאָזט וואַרשע, אַרויסגנבענענדיק זיך אין א פינצטערער ווינטער־נאַכט, אַנטלויפנדיק פון זיכערן טויט, פון דער שטאָט, וווּ עס האָבן נאָך דעמאָלט געוווינט קרוב א האַלבן מיליאָן יידן — אַלע שוין דאַן פאַקטיש פאַרמשפּטע דורך די נאַצי־באַרבאַרן.

איך געדענק יענע נאַכט, ווען שטופּנדיק א האַנט־וועגעלע מיט מיין מאָגערן באַגאַזש, האָב איך זיך געזעגנט מיט די באָמבאַרדירטע גאַסן און הייזער, פילנדיק ווי איך וואָלט געגאַנגען נאָך אַן איינזאַמער לויה פון טעג און יאָרן, וואָס זענען צערונען געוואָרן אין בלוטיקן מבול, וועלכער האָט אונדז אַלעמען פאַרפּלייצט. אין בוזים־קעשענע האָט אַזוי ווי גע־שטאָכן מיין פאַלשער פּאַס מיט עקזאָטישע וויזעס, וועלכע האָבן דאָס געדאַרפט מיך אַרויסטראָגן אין פרייערע לענדער אונטער אַנדערע הימלען.

איך האָב דאַן — געדענק איך — דורך פאַרטרערטע אויגן — אין האַלב מיסטישן עקסטאַז, וואָס ווערט געשאַפן דורך לויערנדיקע סכנות, זיך געפרעגט: „וועל איך נאָכאַמאָל אייך קומען אָנקוקן, אומעטיקע גאַסן פון וואַרשע, ווו אין די געבליבענע מויערן שלאָפן איצט אין אַנגסטן און ענגשאַפט אַזוי פיל נאָענטע און טייערע, מיט וועלכע יאָרנלאַנג — די בעס־טע באַוווסטזיניקע יאָרן — האָב איך געוועבט און געשמידט און געבויט דאָס פאַמיליען־לעבן, די חברישע סביבה, דורכגעפיבערט די אויפבוויזן און אַנטווישונגען פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, געבילדעט אַ וויכטיק שריי־פעלע אין דער אַזוי אויסטערליש־געפורעמטער, אָבער דאָך וווּנדערבאַר האַרמאָנישער גאַנצקייט, וואָס מיר האָבן גערופן: דאָס פוילישע יידנטום.

און איצט בין איך דאָרט צוריקגעקומען... פריער בין איך געפלויגן פון ניו יאָרק קיין לאָנדאָן, נישט צומאַכנדיק קיין אויג די גאַנצע נאַכט און אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטערל אויף די גרויע וואָלקנס און וואַסערן, ווען װעט זיך שוין באַווייזן די זון איבער אייראָפּע נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט.

און שפּעטער בין איך אין אַן ענגלישן מיליטערישן אַעראָפּלאַן געפלויגן קיין בערלין און דאָרט שעהנלאַנג געזופט מיט פולע הויפנס דעם ווילדן נחת פון נקמה, שפּאַצירנדיק צווישן די סדומישע חורבות פון דער מער־דער־שטאָט, ווו אונטער די שאַרבנס און אונטער די צעשמעטערטע לינדן ליגט באַגראָבן — איך ווייס נישט ווי טיף — דער פרייסישער טויזנט־אויגיקער מאָנסטער, וואָס האָט אויפגעריסן אַ אידיאָטיש־פאַרשלאָפענע וועלט.

און שפּעטער האָב איך אין פיבערדיקער שפּאַנונג דערזען דעם טייך ווייסל און די אַזוי באַקאַנטע ליניעס און קאָנטורן פון די הייזער און גאַסן פון וואַרשע.

פון דער לופט זעט מען נישט אַזוי גוט די רואינען און עס קאָן זיך דוכטן, אַז די הייזער שטייען נאָך גאַנץ, אַז איך בין צוריקגעקומען צו דער אַמאָליקער הויפּט־שטאָט פון פוילן; אַז ווי שטענדיק ביים צוריקקומען וועל איך באַלד דריקן די הענט פון חברים, פון פריינט, דערפילן די וואַרים־קייט פון באַגעגענישן נאָך אַ לאַנגער וואָגלעניש.

פלעגט דען אנדערש זיין מיין קומען קיין ווארשע אין די אמאָליקע יאָרן נאָך אַ רייזע אין דער ווייטער וועלט?

אָבער וואָס נידעריקער דער אעראָפּלאַן מאַכט זיינע קרייזן איבער דער שטאָט, כדי זיך אַראָפּלאָזן אויפן פלי־פעלד — אַלץ קלאָרער ווערט פאַר די אָנגעשטרענגט־אויסקוקנדיקע אויגן, אַז די הייזער זענען גאָר קיין שטובן נישט, נאָר שטאַרצנדיקע ווענט פון רואינען; אַז די פענצטער האָבן קיין שויבן נישט, נאָר יאָמערדיקע לעכער, וועלכע קוקן פינצטער און טויט; אַז די מענטשן, וואָס באַוועגן זיך, זענען גאָרנישט יענע פריינט און חברים, מיט וועלכע איך וואָלט זיך פריידיק אַרומגעכאַפּט. יענע זענען שוין נישטאָ. אַוועק פון דער וועלט. און די, וואָס באַוועגן זיך איצטער אויף די גאַסן און וואָס באַוווינען די הייזער, זענען פרעמדע, אָפּטמאָל פיינטלעכע, זענען גויים, וועלכע זענען גאָרנישט אַזוי צופרידן מיט דיין צוריקקומען; וועלכע קוקן אויף דיר מיט קרומע בליקן, מיט בייזע אויגן, ווי זיי וואָלטן פרעגן: „אַזוי גאָר? דו לעבסט נאָך? פאַרוואָס אייגנטלעך ביסטו אויך נישט אומגעקומען צוזאַמען מיט די מיליאָנען „זשידעס", וועלכע מען האָט אַוועקגענומען פון אָט די הייזער און גאַסן, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר די „באַלע־באַטים", פאַר די אייגענע?

עס איז גאָר מעגלעך, אַז נישט אַלע ריידן זיי צו דיר אַזוי גרויזאַם מיט די בליקן, אַז מערסטנטייל זעסטו גאָר פאַרביטערטע פון אָרימקייט און הונגער און קנאה־שנאה צעבראָכענע פּאָליאַקן, וועלכע זענען אויך צוריקגעקומען קיין וואַרשע, כדי אויסצוגעפינען, אַז די וווינונגען זענען אין חורבות און שטיקער גאַנצע פון זייערע פאַמיליעס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן דורך שוידערלעכע טויטן.

אָבער איך קאָן זיך נישט העלפן: זינט איך בין אָנגעקומען קיין פוילן, קאָן איך נישט טראַכטן לאָגיש, קאָן איך נישט און וויל גאָרנישט אַריינקוקן מיט רחמנות אויף די בלוטיקע וווּנדן, וועלכע די מלחמה האָט אויך ביי זיי געמאַכט. איך פיל זיך גלייכצייטיק ווי אַן אבל און ווי אַ גואל־הדם; עס פעלן מיר מיליאָנען ברידער און שוועסטער, וועלכע זענען דאָ, אָט אונטער די הימלען און צווישן די דאָזיקע גאַסן, מויערן, פעלדער און דערפער, צעמאָלן געוואָרן אויף שטויב און אש; וואָס גייט מיך אָן די וועלט, אַז טויטע פוסטקייט הערשט אויף די אַמאָל קאָכיקע און צאַפּלדיק

טייערע גאַסן פון יידישן געגנט, וועלכע איך באַזוך איצט, גאַס ביי גאַס, פּלאַץ ביי פּלאַץ. קומט, איך וועל אייך מיטנעמען מיט זיך אויף מיין שפּאַציר דורך דער אמאָליקער געטאָ — וועט איר זען, וואָס איך האָב דערזען און פילן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט.

:: :: ::

איך האָב אין וואַרשע געהאַט צו מיין דיספּאָזיציע אַן אַמעריקאַנער מיליטערישן אויטאָמאָביל, אַ גוט־צוגערעקטן „דזשיפּ", אָנגעפירט דורך אַ פּוילישן שאָפער, וועלכער האָט דווקא נישט גוט געקענט צודעקן זיין אַמאָליקן סטודענטישן פּאַשיזם.

נאָך אין לאָנדאָן זייענדיק, האָט מען מיך, לויט אַ באַפעל פון וואַשינגטאָן, פאַרוואַנדלט אין אַן אונטער־אָפיציר פון אַ באַדייטנדיקן ראַנג, ווייל מען האָט אַנערקענט, אַז דער „האיאַס", לויט וועמענס אויפטראָג איך האָב דורכגערייזט אייראָפּע, פירט דאָרט אויס אַ וויכטיקע מלוכה־אויפגאַבע, וואָס העלפט די אַליאירטע היילן די מלחמה־ווונדן אין די באַפרייטע געביטן. מען האָט מיר דעריבער, ווי אַלע אַנדערע פאָרשטייער פון „האַיאַס", וועלכע געפינען זיך אין צענדליקער פונקטן אין פאַרשידענע לענדער, געגעבן די פּריווילעגיע פון אַ מיליטערישן סטאַטוס, וואָס האָט זייער שטאַרק פאַרלייכטערט מיין מיסיע און געגעבן מיר אַ צוטריט צו געגנטן און אינסטיטוציעס, וועלכע זענען איצטער כמעט געשלאָסן פאַר ציווילע.

אַן אַמעריקאַנער אָפיצירן־מונדיר איז אַ יחוסדיקע קליידונג אין דער צעטומלטער אייראָפּע און מאַכט די רייזע באַקוועמער און ווייניקער געפערלעך.

איצטער אין וואַרשע קומט דאָס מיר באַזונדערס צונוץ. ווייל עס טרעפט אַזוי אָפט, ווען עס ווערט טונקל, אַז עס כאַפּן זיך אַרויס פון צווישן די חורבות באַנדיטן, טוען אויס דעם דורכגייער, לאָזן אים אַרויס אַ נאַקעטן, אָבער אַ גליקלעכן, וואָס ער איז געבליבן לעבן.

נאָך צען אַזייגער אין אָוונט טאָר מען שוין אין די גאַסן נישט גיין; טעאַטערס — און אַזעלכע זענען פאַראַן אין דער חרובער וואַרשע אַכט־ניין — הויבן אָן צו שפּילן פינף פאַרנאַכט, כדי די באַזוכער זאָלן נאָך באַווייזן צוריקצוקומען באַצייטנס אַהיים.

אז מען טראָגט אָבער אַ מונדיר, פילט מען זיך זיכערער, איבער־הויפּט ווען מיין אויטאָמאָביל פאָרט ארויס פון טעאַטער־פּלאַץ אין אַמאָליקן יידישן געגנט.

איך פאָר אריין אויף ביעלאַנסקע גאַס, דער אַמאָליקער „גרעניץ" צווישן דער יידישער און גויאישער וואַרשע.

איך דערזע פאַר זיך די סקעלעטן פון הייזער פון מלוכה־באַנק און אנטקעגן איר די מיט שניי־באַדעקטע חורבות פון האָטעל קראַקאָווסקי, דעם אַמאָליקן זאַמלפּונקט פון באַלעבאַטישן יידישן סוחרטום.

און וואָס איז דאָס פאַר אַ שניי־פעלד, אַזוי אומענדלעך ווייס? אָט דאָס? דאָס זענען דאָך געווען די נאַלעווקעס, דער באַוועגלעכסטער און קאָכעדיקסטער צענטער אפשר פון דער גאַנצער וועלט. אויף רעכטס שטייען איינגעבראָכענע ביימער פון קראַשינסקיס גאָרטן, אויף לינקס — אויס־געבויגענע סלופּעס פון עלעקטרישע לאָמפּן.

און אָט איז טלאָמאַצקע גאַס: דאָ איז געשטאַנען די סינאַגאָגע, ווו איך געדענק נאָך די „פּרעדיקס" פון די ראַבינערס דר. פּאָזנאַנסקי און פּראָפעסאָר שאָר — אַ הויפן מאַרמאָר און ציגל באַצייכענען איצט דעם פּלאַץ.

גראָד היינט איז ביי מיר געווען אַ דאַמע, וועלכע באַמיט זיך, מען זאָל ארויסנעמען פון גויאישע הענט אַ פאַרבלאָנדזשעט אייניקל פון רב פּאָזנאַנסקי; דאָס איז אַן איבערגעבליבענער סימן פון אַן איינגעפאַלענער, אַמאָל אַזוי פעסטער וואַרשעווער גרויסער פאַמיליע...

זעלטן ווען איך זע אַ מענטשן ארום מיר: אויף לעשנע גאַס איז שטיין געבליבן די געביידע פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע, מער נישט. ווייט, ווייט, ווי ווייט דאָס אויג קאָן פאַרנעמען, איז אַ וויסט־פאַרשנייט פעלד, אפילו קיין חורבות שטייען שוין נישט.

דערנאָך קאַרמעליצקאַ, נאָוואָליפּקי... שניי־פעלדער, וויסטע חורבות — אָט וואָס ס'איז געבליבן פון יענער גלאַנץ־עפּאָכע, ווען דאָ האָבן הונדער־טער טויזנטער יידן געבויט אייגנאַרטיקע נעסטן, פון וועלכע עס זענען שפּעטער אין דער וועלט ארויסגעפלויגן יונגע אָדלערס פון תורה, פון ליטעראַטור, פון קונסט, פון סוחרישן געניוס.

מיין פּוילישער שאָפער קען נישט פאַרשטיין די נערוועזיטעט, וועלכע

האָט מיך אַרומגעכאַפּט; איך יאָג אים שנעל איבער די גאַסן, ווו איך האָב גליק געזען און שטורמען דורכגעלעבט. אָט דאָ האָב איך געוווינט. קינדער זענען דאָ געבוירן געוואָרן; בר־מצוהס געפייערט; געלערנט זיך; געפרייט און געליטן. זעט נאָר, זעט, וואָס ס'איז פון דעם אַלץ געוואָרן! שטיינער מיט שניי געדעקט, אין תכריכים געקליידט. און מיינע שכנים, מיינע חברים, מיינע פריינט? מען האָט זיי פון די הייזער אַרויסגענומען אין הייסן זומער און קאַלטן האַרבסט פון 1942; מען האָט זיי דאַן דערשטיקט און פאַרברענט אין טרעבלינקע און מאַידאַנעק. די געבליבענע זענען אין מילדן פרילינג פון 1943 אומגעקומען אין אויפשטאַנד, ווען זיי האָבן אָט טאַקע פון די קעלערס און חורבות אויפגעהויבן די פאָן פון אויפשטאַנד על קידוש השם.

אויפן ראָג דזשעלנע און דזשיקע זענען דעמאָלט געפאַלן, ווי יונגע ליבן, קינדער וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיט מיין קינד געהאָדעוועט אין די נעסטן פון השומר־הצעיר. ווי אַ יונגער לייב האָט דאָ שמואל ברעסלאַוו אָנגעפירט וואָכנלאַנג אַ קאַמף אין דער שפּיץ פון אייניקע צענדליקער גבורים, וועלכע זענען אַלע ביז איינעם אומגעקומען, ווען די הייזער זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פלאַמען פון צינד־באָמבעס, געוואָרפן דורך אַעראָ־פּלאַנען. קיין אַנדער מיטל האָבן שוין די דייטשן נישט געהאַט, כדי צו באַזיגן אַ קליינע אָפּטיילונג פון יידישער יוגנט, וועלכע האָט באַשלאָסן טייער צו פאַרקויפן זייערע לעבנס.

איך שטעל זיך אויף אַ מינוט אַוועק אויף דעם הויפן פון הייליקע חורבות און שריי אוים אין ווייסן חלל פון די אַמאָליקע רומפולע גאַסן: „ברעסלאַוו והחברים: חזק ואמץ".

דאָס איז מיין אויסגעוויינטיקטער קדיש נאָך די טייערע און ליבע קינדער אונדזערע, וועלכע האָבן אַרויסגעזונגען מיט גבורה אין דער גע־שיכטע אריין; דאָס איז מיין באַשיידן צווייגל בלומען אויף דעם פּלאַץ פון געטאָ־קאַמף.

מיין גוויאישער שאָפער מיינט מסתמא, אַז איך בין משוגע געוואָרן, ווען ער דערהערט מיין ווילדן געשריי, וועלכער האָט הילכיק אָפּגעקלונגען איבער די פעלדער און צווישן דער יאָמערדיקער פוסטקייט פון דער יידי־שער וואַרשע.



די חורבות פון דער ווארשעווער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס.

איך פאָר ווייטער איבער גאַסן, וועלכע איך האָב אַמאָל אַזוי גוט גע־קענט, און היינט קאָן איך שוין אויף געוויס נישט זאָגן, צי איך וואָלט ריכטיק אָנגערופן דעם פּלאַץ.

אָט דאָ איז געווען די רעדאַקציע פון מיין צייטונג „היינט"; אַזוי פיל פרייד געהאַט, ווען פון אירע ליכטיקע שפּאַלטן פלעג איך צענדליקער יאָרן דערציילן מיינע פאַרדאַנגהטע, פאַרטרויערטע ברידער אין די אָרימע שטעט און שטעטלעך וועגן לענדער ווייטע, וועגן פּאַלמען־וועלדער און מדבריות, וועגן זוניקע שטעט אין אַפריקע, וועגן דער אויפגייענדיקער זון איבער ירושלים... נישטאָ מער מיינע לייענער, נישטאָ מער מיינע האַרציקע קאָ־לעגן און פריינט, נחמיה פינקלשטיין און קיפּנים, איינהאָרן און גאַווזע...

יזכור אלהים... זאָל גאָט דערמאָנען און אונטער די בלוי־לויכטנדיקע פליגלען פון דער שכינה צוטוליען די נשמות פון די הייליקע דיכטער און שרייבער, וועלכע, דוכט זיך מיר, שוועבן אַרום דער איינזאַמער וואַנט פון טלאָמאַצקע 13, פון אַמאָליקן יידישן ליטעראַטן־פאַריין, ווו עס זענען דורך דורות דורכגעגאַנגען אַלע שיינענדיקע גייסטער פון פאַרביקן רענע־סאַנס אונדזערן, פון דער עפּאָכע, ווען די ליטעראַטור, צייטונגס־וועזן און קונסט האָבן דערגרייכט זייער אומגלויבלעכן שווונג.

קראָען שוואַרצע קראַקען איצט אויף אַ וויס־באַדעקטן בוים, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט נאָך מער אונטערשטרייכן די פּוסטקייט פון ווינ־טערדיקן בית־עולם, וועלכן איך געפין אין יידישן צענטער פון וואַרשע.

שאַ! בלייב שטיין אויף אַ ווייל דאָ, נעבן יענער חורבה, פון וועלכער עס ציען זיך אויסגעדרייטע באַן־רעלסן ערגעץ און אומבאַוווסט...

דאָס איז סטאַווסקי געסל. אַמאָל דאָ געווען דער צענטער פון דער יידישער אָרימקייט, פון יידישן פאָלקס־רעזערוואַר, וועלכער וועט, אַזוי האָט זיך געדוכט, קיינמאָל נישט אויסטריקענען. דאָ האָט געקלונגען דער עכטער וואַרשעווער יידיש; דאָ זענען אויסגעוואַקסן טרוימער און קעמפער פאַרן ציוניזם, פאַרן סאָציאַליזם; דאָ האָט מען געשפּונען אַלוועלטלעכע אידעאַלן און פאַרביסן מיט טרוקענעם ברויט אין וואַסער געווייקטן. אָבער פון דאַנען, פון דאָזיקן „אומשלאַגס - פּונקט", זענען דאָס אָפּגעגאַנגען די צוגן איז דער „אומבאַוווסטער ריכטונג" קיין טרעבלינקע... אַ האַלבער מי־

ליאָן וואַרשעווער יידן האָבן פאַרשפּאַרטע אין שמוציקע פערד־וואַגאָנען אָנגעהויבן פון דאַנען זייער לעצטן וועג...

גיי איך ווידער אַרויס פון אויטאָמאָביל און אַ געבויגענער איבער די אייזנבאַן־שינעס, וואָס פאַנגען זיך דאָ אָן, קער איך מיין בליק צום מזרח, ווו די וואַגאָנען מיט מיינע און אייערע בלוט־נאָענטע זענען אוועק, כדי שוין קיינמאָל נישט צוריקצוקומען. אין דער טויטער שטילקייט אַרום פלאַטערן, דוכט זיך, די אומזעבאַרע גייסטער פון דער געזונקענער וועלט; עס קלינגען מיר אָפּ טיף אין די אויערן עפּעס ווייטע טענער פון טומלדיקן יידישן וואַרשע; עפּעס קינדערשע שטימעלעך: צערטלעכקייטן פון מאַמעס; יוגנט־געזאַנגען... אָבער דאָס איז אַ מיראַזש, אַן אילוזיע; טויט איז אַרום און ווייסע שטילקייט פון יענער וועלט. אויף די חורבות פון דעם פאַרשאָל־טענעם פּלאַץ שטיי איך איינזאַם און שלוכץ־אויס: „יתגדל ויתקדש שמה רבא"... פון דער ווייטנס ווער איך אָבסערווירט פון מיין פּוילישן שאָפער, וועלכער האָט פון דעם טאָג אָן פאַרלוירן דעם גאַנצן רעספּעקט צו דעם „אָפיציר אין אַמעריקאַנער מונדיר", וואָס שאָקלט זיך און שעפּטשעט פונקט אַזוי, ווי דאָס פלעגן טון דאָ מיט יאָרן צוריק די „זשידעס", וואָס האָבן דאָ געוווינט.

שלום! געענדיקט קאַפּיטל געטאָ! מער פאַר איך דאָ נישט. זאָל מער קיין בלום נישט בליען, זאָל מער קיין קינד נישט שפּילן זיך און לאַכן אויפן דאָזיקן פאַרפלוכטן אָרט, אויף דעם וואַרשעווער עמק הבכה.

קומט מיט מיר צוריק צו די לעבנגעבליבענע, צו די יידן פון וואַרשע און פּראַגע, פון לאָדזש און ביאַליסטאָק. ווי לעבן זיי, וואָס ווילן זיי, מיט וואָס קאָן מען זיי העלפן?

II

## ערשטע באַגעגענישן

מיין ערשטער וויזיט איז צו דער איבערגעבליבענער פאמילע פון מיי־נעם אַ נאָענטן חבר, פון אדוואָקאט יוליוס עלבוים, אַ ציוניסט און אַ קאָאָ־פעראַטאָר, אַ זון פון ראש־הקהל אין טרוימענדיקן פארביקן קאַזשימיעזש, ביים ווייסל.

ווי נאָר איך האָב זיך דערוווּסט נאָך אין אמעריקע, אַז זיין פרוי און קינד האָבן זיך דורך נסים געראַטעוועט, האָב איך זיי אָנגעהויבן שיקן פעקלעך. איצט וויל איך זיי פערזענלעך באַזוכן, דעם דאָזיקן זכר לחורבן.

מיין אויטאָמאָביל פאָרט קיין פּראַגע, ווו די גרעסטע טייל יידן ווינען און ווו די הייזער זענען ווייניקער צעשטערט, ווי אין וואַרשע גופא.

מיר פאָרן אויף דעם איינציקן צייטווייליקן הילצערנעם בריק איבערן ווייסל, ווייל די אַמאָליקע דריי באַרימטע בריקן ליגן, ווי געפּלאָכטענע גיגאַנטן פון שטאָל, צעשמעטערט און הילפלאָז.

אנשטאָט אַמאָליקע פּאָליציאַנטן שטייען איצט מיליטעריש געקליידע־טע שיקסעס און לויטן רוסישן מוסטער רעגולירן זיי שטרענג די באַווע־גונג. זיי זענען געקומען מיט דער פוילישער ארמיי פון רוסלאַנד, טראָגן מיליטערישע אויסצייכענונגען אויף די שינעלן און דערשרעקן זיך נישט אַראָפּצולאָזן זייערע גומענע שטעקנס אויף די פּלייצעס פון צעלאָזענע יונגען, וועלכע ווענדן זיך צו זיי מיט ניבול־פה אויסדרוקן.

די באַוועגונג אויפן בריק איז אומגעהויער; מיליטערישע קאַמיאָנען, צעבראָכענע אַלטע דראָזשקעס, ביציקלעטן און אַ געדיכטע פארבנלאָזע

מאַסע פון פּוסגייער באַוועגט זיך שווער און ברוגזדיק אין ביידע ריכטונ־גען. די גאַסן אין פּראַגע, פאַרבלאָטיקטע מיטן צעגאַנגענעם שניי, פאַר־גרעסערן נאָך די אומעטיקייט פון בילד.

אָט פאָר איך פאַרביי די רואינען פון דער אַלטער פּראַגער שול, וועלכע מישן זיך צונויף מיטן סקעלעט פון דעם שכנותדיקן צעבראָכענעם קאַש־טשיאָל, ווי זיי וואָלטן געזאָגט צו מיר. „אַלע גלייך, אַלע פאַרקריפּלט... נעם זיך אַזוי נישט איבער מיט דער אויסנאַמקייט פון דיין יידישן טרויער"... אָבער שפּעטער זע איך אויף טאַרגאָווע גאַס, די הויפּט־אַרטעריע פון פּראַגע, ווי עס שטייען פּוילישע יונגען אין הויכע שטיוול און פיינע פוטערלעך און רופן אויס אויפן קול: „האַרטע, ווייכע! וועד ברויכט, וועד קויפט!", ווייס איך שוין, אַז דאָס איז די „שוואַרצע" וואַלוטע־בירזשע, וווּ „האַרטע" מיינט גאָלדענע דאָלאַרן און „ווייכע" פּאַפּיר־געלט... קיין יידן שטייען דאָ נישט אויפן גאַס, כאָטש איך בענק גאָרנישט אַזוי נאָך יידן אויפן שוואַרצן מאַרק... אָבער יידן וואָלטן זיך נישט געוואַגט אַוועק־שטעלן אָפן און פאַרלייגן דאָלאַרן אויפן גאַס, מען וואָלט זיי געממיתט, פאַרקריפּלט, אַרעסטירט... אָבער גויים מאַכן דאָס גאָרנישט שלעכט, שנעל זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון „שוואַרצן מאַרק". איך פאַרגין זיי דאָס, אַבי מען זאָל מיר מיין ביסל יידן אַרויסגעבן אויף עקספּאָרט אין גליל אַריין, אין עמק, אַפילו אין געזאַלצענעם נגב...

איך פאָר צו צום אַדרעס פון מיין חברס פאַמיליע: אַ גרויסע בוכ־האַנדלונג מיט „לינקע" ביכער און ליטעראַטור.

איך גיי אַריין אין געשעפט און פרעג אויף דער פרוי על־בוים. אַ יונגע פאַרקויפערין פרעגט מיך פאַרוואונדערט איבער: „ווי אַזוי, זאָגט איר, איז דער נאָמען? עלבוים! ביי אונדז אַרבעט גאָרנישט אַזעלכע"...

קאָנטראָליר איך נאָכאַמאָל דעם אַדרעס, דעם נאָמען פון דער פירמע און גיב אַ זאָג: „די דאַמע, וואָס איך זוך, איז דאָך די הויפּט־דירעקטאָרין פון אַלע אייערע בוכהאַנדלונגען, ווי אַזוי זאָגט איר, אַז זי איז אינגאַנצן דאָ נישטאָ?"

ענטפערט מיר שוין די פאַרקויפערין אַביסל נערוועז: „אַנטשולדיקט, ביטע. אונדזער לייטערין הייסט גענאָוועפאַ קאַרנאָווסקאַ און זי געפינט

זיך איצט ביי זיך אין וווינונג אויפן צווייטן גאָרן... זאָל איך זי אָראָפּ־רופן?"

פאַרשטיי איך באַלד, אַז איך האָב דאָ געמאַכט אַ פעלער, אַז מיין ליבן חברס פרוי, דאָס איינציקל פון קאָצקער אַלטן שטאַם, באַהאַלט אויס איר נאָמען און איר אָפּשטאַם. בין איך מודה, אַז אפשר האָב איך געמאַכט אַ טעות און בעט שוין איינלאַדן די פּאַני קאַרנאָווסקאַ.

ווען מען איז אַוועק זי רופן, באַטראַכט איך דערווייל דעם גרויסן בוך־לאַגער, די מאַפּעס, די צייטונגען, מיין בליק פאַרהאַלט זיך אויף דער קאַסירערין, אַן עלטערע פרוי, געקליידט אין שוואַרצן, מיט אַ טראַגיש־טונקעלן געזיכט, וואָס דריקט אויס שטאָלץ און ליידן גלייכצייטיק. עפּעס גיט מיר אַזוי ווי אַ בליץ אין זכרון: „גאָט מיינער! איך האָב דאָך דאָס פּנים שוין געזען; איך קען דאָך די דאַמע; ווו האָב איך געזען דעם דאָזיקן געשניצטן ערנסטן פּראָפיל?", און פּלוצלינג ווער איך אַזש אויפגעטרייסלט פון דער תשובה, וואָס איך אַליין גיב זיך: „דאָס איז דאָך דר. פעליציאַ טשערניאַקאָוו, די פרוי פון אַדאַם טשערניאַקאָוו, דעם פּרעזידענט פון געטאָ; פון דעם קדוש, וואָס האָט זיך געסמט דעם ערשטן טאָג, ווען מען האָט אָנגעהויבן דעפּאָרטירן יידן, דעם 22־סטן יולי 1942...

אַזוי ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט מיך דורכגעשטאָכן, בין איך אַן איבערראַשטער צוגעגאַנגען צו דער פאַרטראַכטער פרוי און שטיל אַ פרעג געטאָן: „וואָס מאַכט איר, פרוי טשערניאַקאָוו?"

אַ נערוועזער צוק מיט די אַקסלען, אַ שאַרפער בליק פון פאַרלאָ־שענע אויגן און שוין הער איך:

„אָ, איר, מיין טייערער, מיין אַלטער פריינט! איר דאָ אין וואַרשע? וואָס פאַר אַן איבערראַשונג! אָרימער אַדאַם!"

אַ שטראָם פון טרערן באַשפּריצט איר געזיכט; די פּוילישע באַאַמ־טע אַרום הויבן זיך אָן נעגטער צוקוקן צו דער דראַמאַטישער באַגעגעניש... איך בויג זיך איין און נעם די האַנט פון דער אלמנה פון מיין גרויסן און טראַגישן פריינט, גיב איר אַ קוש און זאָג איר הויך, אַזוי, אַז אַלע זאָלן הערן: „ווי גליקלעך איך בין צו קענען קושן די האַנט פון דער, וועמענס נאָמען איז אַ לעבעדיקע לעגענדע ביי אַלע יידן אין דער וועלט!"

דאָס איז געווען אַן ארויסרוף, אַ דרייסטקייט, וועלכע האָט מער אי־בערראַשט די פרוי דר. טשערניאַקאָוו, ווי אַלע קאָלעגן אין געשעפט.

„ווען איר זאָלט וויסן, ווי לאַנג איך האָב שוין נישט געהערט כאָטש איין גוט וואָרט! שטענדיק דערנידערונגען, באַליידיקונגען; איך וויל זיך אַזוי אַראָפּריידן פון האַרצן"..

דערווייל אָבער איז אַראָפּגעקומען אין בוכהאַנדלונג די הויפּט־דירעק־טאָרין פון דער פירמע. איין בליק אויף איר נאָך איצט בליענד־שיינעם געזיכט מיט די אַזוי גוט באַקאַנטע פייערדיקע אויגן האָט מיך איבער־צייגט, אַז פּאַר מיר שטייט נישט עפּעס אַ גויע קאַרנאָווסקאַ, נאָר די אומ־גליקלעכע אַלמנה נאָך מיין אַלטן חבר, דעם יונג־דערמאָרדעטן אַדוואָקאַט יוליוס עלבוים...

:: :: ::

טאַרגאָווע גאַס אויף פּראַגע, וואַרשעס פאָרשטאָט, איז איצט דער באַוועגלעכסטער פּונקט אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. עס ציען זיך דורך דאָרט אייניקע טראַמוויי־ליניעס, גרויסע אומגעלומפּערטע משא־אויטאָס מיט לייוונט באַדעקטע האַלטן אונטער די פּאַסאַזשיר־קאָמוניקאַציע איבער דער צייטווייליקער הילצערנער בריק איבערן ווייסל. מען צאָלט 20 זלאָטעס פאַרן אַריבערפאָרן צווישן טאַרגאָווע גאַס און דעם אַמאָליקן אַריסטאָקראַ־טישן הויפּט־צענטער אויפן ראָג פון מאַרשאַלקאָווסקע און יערוזאַלימער אַלייען.

אָבער יענער אויסגעפּוצטער און עלעגאַנטער ווינקל ליגט איצט אין חורבות. איז דעריבער די געוועזענע פּראָלעטאַריש־אָפּגעלאָזענע פּראַגע, פון וועלכער די רוסן האָבן מאָנאַטן לאַנג באַשאָסן די נאַצים אויפן לינקן ברעג, דאָס „שיינדל" פון וואַרשע.

דאָ געפינען זיך נאָך אויףביידע זייטן גאַס אמתע קראָמען מיט פענצ־טער, פון וועלכע עס קוקן אַרויס פישן, וווּרשטן, ביר און ווייסע חלות, יענע געפלאָכטענע יידישע חלות, וועלכע אפילו אַנטיסעמיטן האָבן ליב צו פאַרבייסן נאָך אַ גלעזל בראָנפן מיט אַ שטיקל געפילטע שבתדיקע פיש... עס זעען זיך אויך אין די שוי־פענצטער דאַמסקע קליידלעך, קינדערשע

סוועטערלעך, עלעקטרישע לעמפּלעך, הענטשקעס און מאָדנע געשטריקטע שיך, געמאַכט פון שפּאַגאַטן. אָבער די קראָמען געהערן צו גויים, דאָס איז די נעבעכדיקע ירושה, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך יענע חסידישע באַבערדלטע יידן, וועלכע מען האָט פון דאַנען אַוועקגענומען אין דער צווייטער העלפט פון 1942 און דערשטיקט אָדער פאַרברענט אין די גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס פון טרעבלינקע.

און די נייע „אַרישע״ סוחרים, וועמענס עלטערן און זיי אַליין האָבן דורות־לאַנג געבילט אויף די „שמוציקע שאַכער־מאַכערס, די זשידאָווסקע קרעמער, וועלכע פאַרפּעסטן דעם פּוילישן האַנדל, פאַרטייערנדיק די סחורות״ — האָבן זיך איבערגעמאַכט פאַרוואַנדלט אין ספּעקולאַנטן אָן געוויסן, אויפשרויפנדיק די פּרייזן אַזוי שטאַרק, אַז דער אָרימער מענטש קוקט נאָר אָן די אַלע דעליקאַטעסן דורכן שויב און ווערט ווייטער געשוואָלן דריי מאָל אַ טאָג פון הונגער. אָבער דער דרייער, דער שווינדלער, דער שוואַרץ־מאַרקעטניק פרעסט זיך אָן מיט אַלדאָס גוטס: צאָלט פיר הונדערט זלאָטעס פאַר אַ פונט פליייש, פינף הונדערט זלאָטעס פאַר אַ פונט פּוטער, צוויי הונדערט זלאָטעס פאַר אַ גלעזעלע בראָנפן (ער טרינקט אַ סך גלעזלעך; אַלע טרינקען איצט אין וואַרשע, נאָך מער ווי פאַרן קריג...). די פאַרדינסטן פון דורכשניטלעכן אַרבעטער און באַאַמטן באַטרעפן פון צוויי ביז דריי טויזנט זלאָטעס אַ חודש — ד. ה. אַזוי פיל, וויפל מען דאַרף האָבן אויף אַ נאָרמאַלן עסן פון 4—5 טעג. ליידט טאַקע דער אָרימער אָרענטלעכער מענטש, אָבער עס פעלט גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט — פון ווייסן ברויט ביז בלומען — יאָ, אויף דערזעלבער טאַרגאָווער גאַס זענען אויך פאַראַן בלומען־געשעפטן, ווו איר קענט קויפן פרישע רויטע רויזן און צאַרטן וויים־בלויען בעז פאַר טויזנט זלאָטעס און העכער...

און כאָטש קיין ייד זע איך נישט אַלס באַזיצער פון די אַלע קראָמען, און נישט אויף דאָס ביסל צעבראָכענע ברידער מיינע קאָן מען אַרויפוואַרפן די שולד פון ווילדן יקרות, וואָס פרעסט אויף, ווי אַ ראַק אַלע שטעט, גאַסן און מערק, אויסגעריייניקטע פון יידן, הערט איר נאָך אַלץ דאָס שיפּען פון די געפלעקטע שלאַנגען, וועלכע וויקלען זיך אונטער אייערע פיס, איבער אייער קאָפּ, אין גאַס, אין קראָם, אין שטוב: „אָ, אין אַלץ זענען זיי שולדיק, די זשידעס אין דער רעגירונג. דאָס האָבן זיי פאַרקויפט

פוילן צו רוסלאַנד; דאָס נעמט רוסלאַנד אַוועק די שפּייז, די קליידונג, די מאַשינען... דאָס פירן זיי אַרויס די דאָלאַרן, די בריליאַנטן, דאָס גאָלד... זאָל נאָר קומען דער טאָג, וועט מען זיך מיט זיי אָפּרעכענען, מיט די זשידעס"...

איר פאַרשטייט! דער טאָג איז נאָך אַלץ נישט געקומען; די דריי און אַ האַלב מיליאָן אומגעקומענע יידן זענען נאָך נישט געננוג. דאָס ביסל איבערגעבליבענע אַלמנות, אַלמנס, פאַריתומטע קינדער, וואָס מיידן אויס צו ווייזן זיך זאַלבעדריט אין גאַס, מען זאָל נישט זאָגן, אַז צופיל יידן פּלאָנטערן זיך דאָ אַרום, זענען נאָך אַלץ גרויס אין די אויגן. 89 פּראָצענט פון זיי זענען שוין מער נישטאָ, און דאָך אַרום די איבערגעבליבענע צוויי פּראָצענט דרייען זיך אַלע געשפּרעכן, ווערט געשאַפן אַ גיפטיקע שנאה, ווערט געפּלאַנט אַ נקמה, ווערט אויפגעבלאָזן אַ פייער, וועלכער מאַכט זייער לעבן אומדערטרעגלעך.

און דעריבער טאַקע באַהאַלטן זיך די גאָלדשטיינס, פינקלשטיינס און ראָזענבלומס אונטער פרעמדע נעמען, וועלכע שמעקן מיט עכט־פּוילישקייט: זיי רופן זיך פּעטראָווסקי, זאַוואַדסקי און צאַצקאָווסקי, מיטן צולייג פון יאַן, סטעפאַן און מאַריאַן. מען קליידט זיך פויעריש, אין פּעלצלעך און הויכע שטיוול און פיל, און ווי שמערצלעך פיל, טראָגן צלמים אויפן האַלדז, איבערהויפּט אויף קינדערשע העלדזלעך...

און דאָך נאַרט מען קיינעם נישט אָפּ. די גיפטיקע שלאַנגען אַרום האָבן פיל אויגן, פילבאַרע „נעזער" און מוזיקאַליש־אַנטוויקלטע אויערן. זיי דערפילן און דערטאַפּן דעם געפּלאָנטן „מאַריאַן", נעבעך, אונטער דעם גויאישן נאָמען, אונטערן גאָלדענעם צלם מיט יעזוסעס און מאַריאַס נאָמען אָפּטמאָל באַפּוצט. זיי כיכיקען שמוציק, פּילזאַנגדיק, זיי זשומען מיט שפּאָט: „כאַ, כאַ, ווענמען נאַרט זי אָפּ די זשידוווקע!" זי הייסט דען זאַק־שעווסקאַ? זי איז דאָך גאָלדבערג פון דער היים... איר טאַטע האָט גע־טראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, באָרד און פאות... זע נאָר, זע נאָר, ווי זי פאַר־שטעלט זיך פאַר אַן אונדזעריקע!

שטיי איך טאַקע איצט אין דער גרויסער בוכהאַנדלונג אויף טאַר־גאָווע גאַס און דריק די האַנט פון דער אַלמנה נאָך מיין אַלטן חבר, דעם הייסן ציוניסטישן אַדוואָקאַט עלבוים, שהלך לעולמו... איך ווייס שוין



אמאָליקע נאָוואָליפקי-גאס אין ווארשע.



אויף די חורבות פון אַמאָליקער לעשנא-גאס.



ביי די חורבות פון יודאאיסטישן אינסטיטוט אין ווארשע.



מיטן אונרא-אויטאָ דורך די חורבות פון דער אמאָליקער קארמעליצקע-גאַס

פריער פון די בריוו אירע קיין אמעריקע, מען זאָל זיך נישט דערוועגן שיקן איר פּעקלעך אויפן אַלטן נאָמען. זי וווינט און אַרבעט צווישן וועלף; זי ציטערט איבער איר איינציק קינד, איבערן ליכטיקן יינגעלע, וועלכן זי האָט מיט אַזוי פיל קרבנות און דערפינדערישקייט געראַטעוועט פון פאַר־ברענט צו ווערן.

זי האָט מער קיין כוח נישט צו אָנגיין פאַר אַ יידישקע און אויס־שטעלן איר יינגעלע פאַר קלעפּ און אפשר עפּעס ערגערס אין גאַס און אין שולע. האַלט זי זיך דעריבער ביים נאָמען, ווען זי איז געווען אַ דינסט אין אַ דאָרף נעבן וואַרשע ביי שיכורע גויים, בעת דער נאַצישער אָקופּאַ־ציע. זי, די איידעלע טאָכטער פון גרויסן קאָצקער שטאָט, אַ דירעקטער אור־איינקל פון „אַלטן", האָט געוואַשן יאָרנלאַנג די וועש און געקאָרמעט חזירים אין אַ פאַרעיפּושטן דאָרף־הויז פון אַ כאַמישער פאַמיליע, כדי כאָטש פון דערווייטנס האָבן אָן אויג אויף אַ שטיבל אין זעלבן דאָרף, וווּ ביי אַנדערע פּויערים האָט זיך געהאָדעוועט איר דימענט פון קאָפּ, איר איינציק יינגעלע.

גאָט זאָל אָפּהיטן, מען זאָל זיך דערוויסן, אַז זי איז זיין מוטער: מען וואָלט דאָן געפּאַרשט, געצויגן אַ פאַדעם צו אַ פאָדעם און מ'וואָלט נאָך אפשר אַנטדעקט, אַז דער לעבעדיקער, פינף־יאָריקער פּיאָטערל איז גאָר אַ פאַרפלוכטער יידעלע... ניין! דאָס האָט נישט געטאָרט געשען! פאַר דעם האָט זי געצאָלט מיט אירע גרויסע דימענטן, וועלכע — איך געדענק נאָך — פלעגן אַמאָל אַראָפּשיינען פון אירע פינגער און אויערן. אַ רייכע טאָכ־טער איז זי געווען, געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט, פּראַקטיצירט אַדוואָקאַט צוזאַמען מיט איר מאַן, און איצט וואַשט זי דעם חזיר־שטאַל און כאַפּט פון צייט צו צייט אַ קוק דורך די שפּאַרונעס, ווי אויף דער ברייטער דאָרפישער גאַס שפּילט זיך מיט אַנדערע פּויערשע קינדער איר קינד, איר שוואַרצאַפּל פון אויג, צו וועלכן זי טאָר זיך נישט לאָזן באַ־קענען. זי, די דינסט ביים חזיר־קוילער, און ער „עפּעס אַ געפונענער יינגל אויפן ברייטן שליאַך" און דערצויגן דורך „באַרמהאַרציקע גאָטספּאָרכ־טיקע" פּויערים, וועלכע נעמען אָבער אין דער שטיל בריליאַנטן פאַר זייער גוטהאַרציקייט. איך האָב זיך אַ סך אָנגעזען און אָנגעהערט פון די פּרייזן, וועלכע מען האָט געצאָלט פאַר ראַטעווען אַזעלכע קינדער, און גלויבט מיר,

אַז שעקספּירס שײַלאָק האָט געמענט די שטיוול פּוצן אָט בײַ די אַלע פּרומע קריסטלעכע קעץ, װעלכע פּלעגן צונעמען די ברילִיאַנטן, דאָס גאָלד, די קאַטאָרזשנע אַרבעט פֿון עלנטע מאַמעס, און אַז עס פּלעגן זיך אױסלאָזן די קװאַלן, פֿון װעלכע מען האָט געצאָלט, פּלעגט מען דאָס קינד דערמאָרדן, כּדי צו פֿאַרשפּאָרן אַן עסער אין שטוב... האָט דען פֿאַר מיר נישט געװײנט מיט ביטערע טרערן די פֿרױ אַקסלראָד פֿון זלאָטשעװ, װעלכע אַרבעט איצט אין ײדישן קאָמיטעט אין װאַרשע. זי האָט געצאָלט צװײ יאָר נאָכאַנאַנד דעם פּױער אין דאָרף פֿאַר איר פֿיר־יאָריקן זונעלע, אָבער שפּעטער האָבן זי די נאַציס אַנטדעקט און אַװעקגעפֿירט אין אָשװיענטשימער לאַגער, פֿון װעלכן זי איז מיט נסים אַרױס לעבעדיק. און װען זי איז נאָך פּױלנס באַפֿרײַאונג געקומען צולױפֿן אין דאָרף, כּדי אָפּצונעמען איר קינד, האָט זי שױן איר ײנגעלע נישט געטראָפֿן; דער „גאָטספּאָרכטיקער" פּױער האָט אים נאָך מיט אַ יאָר פֿריער דערטרונקען אין נאָענטן טײַכל, װי מען טוט דאָס מיט אַן אומנוציטיק קעצעלע, װעלכע באַלעסטיקט די שטוב...

:: :: ::

מיר גײען אַרױף מיט פֿרױ עלבױם־קאָכאַנאָװסקאַ צו איר אין װױנונג, װעלכע געפֿינט זיך איבערן גרױסן ביכער־געשעפֿט, מיט װעלכן זי פֿאַרװאַלטעט. אױפֿן װעג זאָגט זי מיר: „די מאַדאַם טשערניאַקאָװ, די פֿרױ פֿון געטאָ־פּרעזידענט, דעם מאַרטירער, װעלכע אַרבעט דאָ אין בוכהאַנדלונג אַלס קאַטירערין, איז די אײנציקע אין דער פֿירמע, װעלכע האָט דעם מוט צו טראָגן איר ײדישקײט, איר שטאָלצן נאָמען. זי פֿאַרמאָגט דאָך קײנעם נישט אױף דער װעלט: דער מאַן אַװעק אַלס אַ קדוש, דער אײנציקער זון געפֿאַלן אין קאַמף אין װײַטן רוסלאַנד... און כאָטש זי לײדט זײער פֿיל צוליב איר אָפֿענער ײדישקײט און איר קלינגענדיקן העראָאישן נאָמען, אָרט דאָס איר װײניק: מיט פֿאַרפֿעסטע ליפּן און האַלב־אַראָפּגעלאָזענע אױגן, נישט זעענדיק קײנעם אַרום, גײט זי דורך איר פֿינצטערן לעבן, מיט אירע בליקן געװענדט אין דער פֿאַרגאַנגענהײט"...

אַנטקעגן אונדז שפּרינגט אַרױס דער אַכט־יאָריקער זון פֿון עלבױם־קאָכאַנאָװסקי, דער שטיפֿער יעזשי, װעלכער דערשרעקט זיך אַביסל, דער־

זעענדיק זיין מאַמען אין דער באַגלייטונג פון אַ מאַן אין אַמעריקאַנער אור־גיפאָרם. ער זאָגט, אַז ער דערקענט מיך נישט. אָבער מיר האָבן זיך דאָך מיט אים „געטראָפן": אין אַ פרילינג־טאָג פון 1938 בין איך געווען קוואַ־טער אויף זיין ברית און סנדק איז געווען דער אַלטער סענאַטאָר רפאל שערעשאָווסקי... צי געדענקסטו נישט, יינגעלע? אָבער ווי קאָן ער גע־דענקען אַזאַ איינצלהייט אין זיין יונג לעבן, אַז אויפן האַלדז באַמבלט זיך אַ זילבערנער מעדאַל מיט דעם „הייליקן" געאָרגי און אין שולע — זאָגט זיין מאַמע — איז איר יעזשי דער בעסטער קענער פון קריסטלעכן קאַטעכיזם?...

נאָכדעם ווי איך נעם אַרויס דעם שאָקאָלאַד מיט די צוקערקעס, מיט אַ בלישטשענדיקן נייעם זייגער פאַרן יינגעלע, ווערן מיר גוטע פריינט.

„עס איז קיין תכלית נישט — זאָג איך דער מאַמען — מען מוז דעם קינד זאָגן, אַז ער איז אַ ייד, מען טאָר נישט ווייטער אָנגיין מיט דער טראַגי־קאָמעדיע"...

זי איז מסכים, אַז ס'איז קיין תכלית נישט און דערמאָנט זיך דערביי: ווען איר מאַמען האָט מען גענומען פון דער וווינונג אויף נאָוואָליפּסי גאַס קיין טרעבלינקע, זענען אירע לעצטע ווערטער געווען: „אַז גאָט וועט געבן און דו און דאָס קינד וועלן לעבן בלייבן, זאָלסטו אים לערנען קדיש זאָגן נאָך זיין יונג־דערמאָרדעטן טאַטן"...

זי האָט צוגעזאָגט און ביז איצט האָט זי אַלץ מורא געהאַט דאָס אויס־צופירן, אויב איך וויל, קענען מיר דאָס צוזאַמען דורכפירן.

יעזשי איז אַן אינטעליגענטער יינגל און פאַר פינף דאָלאַר (ער רעכנט דאָס שנעל אויס אויפן קאָפּ, אַז דאָס מאַכט אויס 150 זלאָטעס) גיט ער מיר אָפּ פון העלדזל זיין מעדאַל מיטן „הייליקן געאָרגי". איך זאָג אים פּשוט: „דו ביסט אַ ייד! ווי דיין טאַטע איז געווען, ווי דיין מאַמע איז דאָס, ווי איך אַליין בין!"

ער קוקט צעשראָקן, צעטומלט, פאַרשטייט נישט: ערשט נעכטן איז ער נאָכגעלאָפן מיט אַנדערע שקצים נאָך אַ מיידעלע און געשריגן צו איר: „זשידאָווקאַ" (יידישקע) און איצטער זאָג איך אים, אַז ער און מיר אַלע זענען יידן, יידן...

אָבער אין איין האַנט האַלט ער דעם נייעם זילבערנעם זייגער — אין

דער צווייטער — אַ פינף דאָלאַר בילעט. אויפן טיש ליגן זיסקייטן, און די מאַמע הערט נישט אויף צו קושן אים, טוליען צו זיך און ווידערהאָלן:

„איצטער, יעזשינקע, ביסטו ווי דיין טאַטע! איצט ביסטו אויך אַ ייד!"

פילט ער אינסטינקטיוו, אַז אַ ייד צו זיין איז אנגענעם, נאָך אפשר בעסער ווי פריער, ווען ער האָט געטראָגן דעם מעדאַלעכל אויפן ברוסט.

נאָכדעם לייג איך פאָר:

„טוט זיך ביידע אָן, וועל איך אייך נעמען מיטן אויטאָמאָביל אויף טאַרגאָווע 64, אין דעם איינציקן בית מדרשל דאָ, דאָרט וועלן מיר מקבל שבת זיין און אגב מקיים זיין דעם צוזאָג, וואָס איר האָט געגעבן דער מאַמען אייערער, איידער מען האָט זי געפירט צום טויט, דאָס קינד זאָל זאָגן קדיש נאָך זיין טאַטן"...

דאָס האַרץ בלוטיקט, ווען איר גייט אויף די שמוציקע טרעפּ ערגעץ אויפן דריטן הויף און איר ווייסט, אַז דאָס איז דער וואַרשעווער בית המדרש. מער נישטאָ! אין רואינען ליגן די סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע, נאָזשיקס שול, די חברה ש"ס אויף נאַלעווקעס און די הונדערטער־הונדערטער בתי־תפילה און חסידים־שטיבלעך, וועלכע האָבן געגעבן אַזוי פיל קאָלאָריט און פייער דער גרעסטער יידישער קהילה אין אייראָפּע.

עס דוכט זיך מיר אַזוי ווי אין גרויסן חלל פון דער וועלט זענען אויס־געלאָשן געוואָרן אַלע לאָמפּן, און ערגעץ אין אַ ווינקעלע, דאָ טאַקע אויפן צווייטן גאָרן פון טאַרגאָווע 64, האָט זיך פלוצלינג אָנגעצונדן אַן איינ־זאַם ליכטל...

עס גייט מיר אַנטקעגן אַ קליין לעבעדיק יידל מיט אַ פיינער טונקע־לער באָרד, די ערשטע און איינציקע, וועלכע איך האָב דערוויל באַגעגנט אין וואַרשע.

דאָס איז דער היינטיקער וואַרשעווער רב, ר' מיכאל האָראָוויץ פון סאַנאָק, אַן אייניקל פון ראָפּשיצער.

אין גרויסן צימער פון שילכל איז האַלב־טונקל. הינטער דינינקע פאָר־הענגלעך וווינט די פאַמיליע פון רב און מען זעט צוויי שבתדיקע ליכט ברענען.

דער עולם — אַ מאַן דרייסיק — באַשטייט כמעט אויסשליסלעך

פון סאָלדאַטן, געוועזענע און איצטיקע, געקליידט אין רוסישע און פּוי־לישע שינעלן. אַ פינף־זעקס ציווילע, פון וועלכע איך דערקען נאָר איי־נעם: אַ רעגנשיין פון די אַמאָליקע גרויסע גלאָז־סוחרים.

דער רב פירט מיך צו צוזאַמען מיטן ייִנגעלע יעזשי, וועלכן איך האַלט ביים הענטל, צום ארון־קודש. דאָרט טרעף איך שוין צוויי אַנדערע ייִנגע־לעך, די איינציקע קינדער צווישן עולם.

און דערנאָך איז דער רב אַליין מקבל שבת.

ער באַזיצט אַ לירישן טענאָר, זינגט זייער שיין, ערטערווייז מיט התלהבות. דער מיליטערישער עולם כאַפּט גלייך דעם טאָן און ווען מען האַלט ביים „לכה דודי", זינגען שוין אַלע צוזאַמען, ווי אין אַ כאָר. דער רב האָראָוויץ רעציטירט:

„קומי צאי מתוך ההפכה. רב לך שבת בעמק הבכה — והוא יחמול עליך חמלה".

און דער עולם ווידערהאָלט אַזוי וואַרעם, אַזוי איבערצייגט אין אמת פון פּערז:

„אָ, שטיי אויף און גיי אַרויס פון דער איבערקערעניש! געגוג שוין צו זיצן אין טאָל פון טרערן... און גאָט וועט זיך מרחם זיין און העלפן"...

יאָ! אַלע, אַלע ווילן זיי אַרויסגיין פון דער מהפכה, פון טאָל פון טרערן... אָבער ווי אַזוי און ווען! איין השית"ב זאָל זיך מרחם זיין: אָט אַזוי קוק איך אויף זיי, אויף דער קליינער איבערגעבליבענער עדה פון וואַרשעווער יידן, יתומים אַלע, אָן פרויען, אָן קינדער; איינזאַמע אַלע אין אַ רשעותדיקער וועלט. איין גאָט זאָל זיך מרחם זיין...

נאָכדעם נעם איך צו מיין „נייעם יידעלע" און היים אים נאָכ־זאָגן נאָך מיר אין העברעאיש און פּויליש: „שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד"... און מאָדנע שאַרף און גוט זאָגט ער די ווערטער אין העברעאיש, ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון זיינע עלטער־זיידעס, די קאָצקער רביים, וואָלטן מיר מיטגעהאָלפן אין ברענגען צוריק צום כלל ישראל זייער פאַרוואָגלט קינד... און אַזוי אויך דער „קדיש" נאָך זיין טאַטן, וועלכן איך זאָג פאָר פאַר אים. פון דער ווייטנס ביים טיר שטייט די מאַמע און וויינט. און פלוצלינג גיבן אַ בליץ־אויף פאַר מיר מיליאָנען מאַמעס, טאַטעס, קינדער, וועלכע זענען אַוועק פון דער וועלט... און אָ, ווי דאָס האַרץ ווערט צעריסן

פון בענקשאפט נאָכן גרויסן פוילישן יידנטום אַט דאָ אין קליינינקן בית־מדרשל אויף פראגע, ווו עס איז אָנגעצונדן געוואָרן דער נייער „נר תמיד"...

:: :: ::

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין אָרימען ווארשעווער בית־מדרשל האָב איך אויך באַמערקט נאָך צוויי יינגעלעך פון זעלבן עלטער, ווי מיין גרל. אָבער אַט זע איך, ווי די דאָזיקע יינגלעך דאווענען מיט פליים, זינגענדיק, אויסנווייניק און איך קאָן זיך נישט אָפּווונדערן. איך פרעג זיי, אביסל נישט פאַרטראַכטנדיק זיך:

„קאנט איר, יינגעלעך, חומש?"

און דער עלטערער פון זיי ענטפערט, ווי באַליידיקט:

„חומש? מיר לערנען דאָך גמרא מיט תוספות"...

פרעג איך שוין ווייטער:

„און ווו זענט איר געווען בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן?"

באַקום איך די תשובה, אַז אין רוסלאַנד, פון וואַנען זיי זענען ערשט צוריקגעקומען מיט דער מאַמען.

זיי זענען די אייניקלעך פון קדוש, פון באָבאָווער רבין... דער עלטערער אייניקל איז ברוך־דוד האַלבערשטאַם, 9 יאָר אַלט און דער יינגערער — יעקב־יוסף, אַכט יאָר אַלט... און אַט רעד איך שוין מיט זייער מוטער, די רביצין. זיי אַלע פאָרן קיין אַמעריקע אינגיכן.

ווי אַ שטראָם פרישע קוואַל־וואַסער אַזוי האָבן דערקוויקט מיך די דאָזיקע ליכטיקע געשטאַלטן, די פרישינקע פּנימלעך פון באָבאָווער צדיקס אייניקלעך. איך האָב דערפילט אין זיי די טרעגער פון דער גרויסער ירושה פון נצח ישראל...

נאָכדעם עסן מיר צוזאַמען דעם שבת־מאָלצייט ביים רב אין צימערל. פיש, לאָקשן מיט זופּ, צימעס... און זמירות, געזונגען מיט מתיקות דורכן באַלעבאָס, הרב האָראָוויץ, דעם רבינס אייניקלעך זינגען מיט. אָבער דער יתומל פון מיין חבר קוקט אָן פריידיק־פאַרוווּנדערט. די נייע סביבה, די

מוזיקאַלישע צערעמאָניע, זענען אַזוי אַנדערש, ווי ווען ער האָט געטראָגן דאָס זילבערנע בלעכל אויפן האַלדז; ניין! ער בלייבט שוין מיט אונדז, מיטן כלל ישראל...

:: :: ::

ווי אַנדערש זענען געווען די פרייטיק־צו־נאַכטס אין דעם אַמאָליקן וואַרשע!...

III

# ביים ד״ר עמיל זאָמערשטיין

אַלע שליחים, וואָס קומען קיין פּוילן — אָן אונטערשיד פון פּאַר־טייאישער ריכטונג, ציוניסטן, בונדיסטן, פרומע און אפילו דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער — האַלטן פאַר זייער חוב אָפּצושטאַטן אַ וויזיט דעם פּרעזי־דענט פון צענטראַלן יידישן קאָמיטעט, דר. עמיל זאָמערשטיין.

ער איז געווען קראַנק די לעצטע חדשים, צוגעשמידט געווען צום בעט נאָך אַ געפערלעכער לונגען־אַנטצינדונג — דעריבער קומען פאָר די באַגע־גענישן מיטן קראַנקן יידישן פירער ביי אים אין שלאָף־צימער, אין דער דירה, וואָס ער פאַרנעמט אין דעם ספּעציעלן הויז, וווּ עס וווינען אין וואַרשע די מיניסטאָרן פון דער פּוילישער רעגירונג.

ווייל דר. זאָמערשטיין איז נישט נאָר אַ יידישער טוער, נאָר ער פאַר־נעמט אויך דעם פּאָסטן פון מיניסטער פון ווידעראויפבוי, מיטן ראַנג פון אַ מיטגליד פון קאַבינעט — דעריבער באַזיצט ער אויך אַלע פּריווילעגיעס, וואָס עס קומט אַ מיניסטער; אַ שיינע דירה אין זעלבן הויז, וווּ אַלע מיניסטאָרן וווינען, אַ גלאַנציקן שוואַרצן אויטאָמאָביל, מיט אַן אייגענעם שאָפער, און שפּייז־קאַרטן, וועלכע וועלן אים — דעם מיניסטער — נישט ברענגען צו דער עבירה פון קויפן עסנוואַרג אויפן „שוואַרצן מאַרק״...

און אַזוי ווי פאַר מיר פערזענלעך איז דר. עמיל זאָמערשטיין נישט סתם אַן אנערקענטער פירער פון פּוילישן יידנטום, נאָר אויך אַ טייערער אַלטער פריינט, מיט וועלכן עס פאַרבינדן מיך קרוב פינף און צוואַנציק



דער אמאָליקער מוראנאווער פלאץ אין ווארשע

יאָר אַרבעט אויף פאַרשידענע געביטן פון יידישער ווירקלעכקייט, האָב איך מיט אומגעדולד זיך שוין דערוואַרט דעם אָוונט, ווען איך קאָן זיך מיט אים ווידער טרעפן, נאָך אַן איבעררייס פון מער ווי זעקס יאָר.

זיין איינציקע טאָכטער, די שיינע, בלאָנדע מירעלע, מיט איר מאַן, דעם מאַיאָר משה טעמטשין, פאַרפאָרן צו מיר אין האָטעל, כדי מיך מיט־צונעמען צו זיי אין שטוב. איך קען מירעלען נאָך אַלס קינד אין לעמ־בערג, ווען זי פלעגט אַריינשפּרינגען אין איר טאַטנס צימער אינמיטן אַ זיצונג, זיך אַרויפזעצן ביי אים אויף די קני, און נישט קרעמפּירט מיט דער אָנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן, פלעגט זי בעטן צו דערציילן איר אַ מעשה... אָבער דער פאָטער, גלעטנדיק צאַרט איר בלאָנד קעפל, האָט ווייטער געפירט די זיצונג, ווו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער טרויע־ריקער אינערלעכער „מעשה" פון יידישע צרות אין פוילן, פון באָיקאָט און זעלבסטשוץ, פון געשלאָגענע סטודענטן און הונגערנדיקע שטעטלעך... דר׳. זאָמערשטיין איז דאַן געווען דער שליח פון די גאַליציאַנער יידן אין פּוילישן פאַרלאַמענט, און שפּעטער אפילו דער פאָרזיצער פון אַלע יידישע דעפּוטאַטן אין סיים און סענאַט. דאָס קינד פלעגט דאַן איינשלאָפן אויף זיינע קני, אָבער דער טאַטע אירער האָט שלאָפן נישט געקאָנט. ער האָט געמוזט זיין וואַכזאַם, און מיט דער פלינקייט פון אַ געבוירענעם פאַרלאַ־מענטאַריער — נאָך פון דער ראָמאַנטישער עסטרייכישער שולע — האָט זאָמערשטיין גאַנצע צוואַנציק יאָר לאַווירט צווישן אָפענע רשעים און פאַלשע שלאַנגען, כדי ווי עס איז אָנצופירן די צעבראָכענע שיף פון יידי־שער פּאָליטיק... מיר אַלע געדענקען אים אַלס דעם עלעגאַנטן, שטענדיק גלאַט געראַזירטן, גוט געקליידטן אייראָפּעער, מיטן ליבלעכן שמייכל און מיט דער עלאַסטישקייט פון אַ סאַלאָן־לייב. דעריבער איז פאַר מיר געווען אַזוי אומדערוואַרטעט, ווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָב איך פּלוצלינג דערזען אין די צייטונגען אַ פאָטאָגראַפיש בילד פון זעלבן דר. זאָמער־שטיין אַלס אַ מאַן פון פּאַטריאַרכאַלן אויסזען, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, מיט לאַנגע ברעמען איבער פאַרטראַכטע ליידנדיקע אויגן... אינ־גאַנצן איינציקע יאָר, אמת שווידערלעכע יאָרן, האָבן דעם מענטש אַזוי גע־ענדערט.

פאָר איך צו אים, צו דעם הויז אויף אַלעיאַ שוכאַ, ווו פריער האָבן

געווינט די געשטאפּאָ־אָפיצירן און איצט — להבדיל — די מיטגלידער פון דער נייער פוילישער רעגירונג.

אָ, איך געדענק אזוי גוט די דאָזיקע פארפלוכטע אלעיא שוכא, וועלכע איז גאַנץ געבליבן פון דער אלגעמיינער ווארשעווער צעשטערונג נאָר דער־פאר, ווייל די גאַנצע גאס איז געווען באשטימט פאר ביוראָען און ווױ־נונגען פון דער געשטאפּאָ־באנדע אין פוילן.

די גאס געפינט זיך אין שענסטן ווארשעווער געגנט. אין די לאזשענ־קעס, צווישן די אמאָליקע קעניגלעכע פּאלאצן און אלטע געדיכטע קאש־טאנען־ביימער. אין יענעם ווינקל פון ווארשע האָט די אָרימקייט נישט „באליידיקט" די נייע גבירים פון אלטן פוילן, וועלכע האָבן דאָרט זייערע לוקסוס־הייזער געבויט אין שאָטן פון לינדן און קאשטאנען. די ווענט פון די געביידעס זענען דאָ באצירט געווען מיט בלומען־בייטן, מיט בונטע רויזן, מיט גרינעם ווילדן וויינטרויב־צווייג, וואָס וויקלט זיי איין ווי א פרילינגס־געוועב.

און דווקא פונדאנען פלעגן זיך ארויסלאָזן די רוצחישע געשטאפּאָ־האָרדעס אין זייערע שווארצע מאנטלען און מיטן זילבערנעם טויטן־קאָפּ אויפן היטל, כדי דורכצופירן די מאָרדן אין געטאָ.

א סך פון זיי האָבן ליב געהאט אַראָפּצורייסן די בונטע רויזן, אריינ־שטעקן זיי אין לאַץ, און שפּעטער מיט אזא צייכן פון גאָטס־שמייכל אויפן מונדיר זעצן פונדעסטוועגן קינדערשע קעפּלעך אין די שטיינערנע ווענט... בלוט און בלומען, דאָס הארמאָנירט אזוי מיט דעם שטענדיק עטוואָס סענטימענטאלן מערדער־פאָלק אויף די ברעגן פון ריין, מיין און אָדער, אינמיטן פון אומרואיק קלאַפּנדיקן הארץ פון אייראָפּע.

— העלאָ, מירעלע! דו האָסט פונדעסטוועגן חתונה געהאט מיט א „סאמאָראָדנעם" ליטוואַק, מיט א בחור פון פינסק, דו, די טאָכטער פון פּאטריצישער גאליציאַנער משפחה...

און מירעלע ענטפערט:

— מיין מאַן אָבער איז גאָר א גרויסער יחסן, ער האָט אָנגעפירט מיט יענער „בריגאדע אין שמאַטעס" — מיט דער ערשטער בריגאדע פון יידי־שע פּארטיזאַנען אין פּאָלעסיער וועלדער, וועגן וועלכער מען זינגט ש ו י ן לידער צו די קינדער אין די וויגן, און דורות שפּעטער וועט מען נאָך מער

לידער זינגען און לעגענדעס איבער אים שפינען... אגב, זענען פון מיין גאנצער פארצווייגטער גאַליציאַנער משפּחה, וועלכע איז באַשטאַנען פון הונדערט זעקס פּערזאָנען, געבליבן נאָר טאַטע־מאַמע און איך אַליין...

דער מאַן, דער „יחסן", שמייכלט „אונטער די וואָנצעס", און מיטן ניגון פון באַקאַנטן „פּילסודסקי־הימן", זינגט ער אויס שטיל־שפּילנדיק:

„יידישע בריגאַדעס,
אויסגעפּוצט אין לאַטעס
מאַרשירן טאָג־איין, טאָג־אויס
און האַלטן די צרות מוטיק אויס".

דאָס איז דער ערשטער פערז פון פּאַרטיזאַנען־ליד, וועלכן אָפּגעריסענע, הונגעריקע העלדן אונדזערע האָבן געזונגען אין די בלאָטעס און אין די וועלדער.

ווער אין פאַר־מלחמהדיקן פּינסק האָט נישט געקענט דעם פּאָטער פון דר. זאַמערשטיינס איידעם, טעמטשין, וואָס האָט געאַרבעט אין שטאָט־ראַט? זיין זון, מירעלעס מאַן — משה טעמטשין, — האָט זיך אַרויסגעריסן פון פּינסקער געטאָ מיט די ווייניקע לעבנגעבליבענע, און אַוועק אין וואַלד נקמה נעמען... אַרום אים האָבן זיך געזאַמלט אַזעלכע פּאַריתומטע פּאַרביטערטע יידישע יונגעלייט ווי ער. זיי האָבן ווי וועלף געלעבט אין די געדיכטע סאָסנע־וועלדער, זיך אַריינגעריסן אין אַ דאָרף, אָדער שטעטל, אויסגעקוילעט די דייטשן און קווישלינגס, און ווידער זיך פאַרגראָבן אין די נישט דורכגייבאַרע בלאָטעס און ביימער פון פּאָלעסיע.

די דייטשן האָבן פאַר זיי מורא געהאַט מער ווי פאַר די פּוילישע אויפשטענדלער, מער ווי פאַר די רעגולערע אַרמייען. זיי האָבן געוווּסט, די רוצחישע בלוט־הינט, אַז פון יידישן פּאַרטיזאַן קאָן אַ דייטש קיין רחמנות נישט דערוואַרטן.

און שפּעטער, אין ווינטער, ווען פון יענער זייט פּאָלעסיער בלאָטעס, פון דער מינסקער זייט, האָבן זיך העלדישע רוסישע פּאַרטיזאַנען אָנגעהויבן דורכזיפּן אין די וועלדער אַרום ווילנע, נאָוואָגרודעק, לוניניעץ, האָבן זיי געטראָפן דאָרטן יידישע העלדן, צו וועלכע מען האָט גלייך צוטרוי באַקומען.

האָבן די רוסישע מענטשן געגעבן נייע געווער און אַ וואַרימע פּאָר שטיוול זייערע יידישע חברים, און די וועלדער אַרום האָבן אָפּגעאָטעמט מיט אַ נייער האָפענונג און מיט פרישער יונגער גבורה.

דאָ טאַקע איז געשאַפן געוואָרן יענער וואונדערבאַרער יידישער פּאַר־טיזאַנען־הימן, וואָס הייבט זיך אָן:

„זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרטונקלען בלויע טעג
ווייל קומען וועט דאָך נאָך די אויסגעבענקטע שעה:
עס וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: — מיר זענען דאָ!"

און זייער טראָט האָט אַ פּויק געטאָן: מעכטיק, אומדערשיטערט, מיטן ביבלישן פּאַטאָס; און זיי האָבן אַזוי דורכגעמאַרשירט טויזנט מיילן, צו זיי איז שפּעטער געקומען דער איצטיקער מאַרשאַל זשימיערסקי, דער איצטיקער מאַרשאַל פון פוילן, כאָטש אַ געוועזענער גענעראַל פון אַלטן פוילן, דערציילט פונדעסטוועגן, אַז אַמזיכערסטן האָט ער זיך געפילט, ווען אַרום אים זענען אין ווייטן ווילדן וואַלד די יידישע פּאַרטיזאַנען געוועזן.

ווי זאָגט ערגעץ דער אַלטער פּסוק: „ששים גבורים סביב לו מגבורי ישראל כולם אחוזי חרב, מלומדי מלחמה; איש חרבו על ירכו מפחד בלילות"... (זעכציק העלדן זענען זיי געוועזן אַרום אים — שלמהן — פון די העלדן פון ישראל. אַלע זענען זיי גוט באַוואָפנט און קענען גוט די קונסט פון מלחמה; יעדער מיט זיין שווערד ביים זייט, כדי אָפּצוהיטן פון די נאַכט־שרעקן)...

משה טעמטשין, וועלכער זיצט איצט נעבן מיר אין אויטאָמאָביל, דערציילט... מיר פאָרן גראָד פאַרביי די חורבות פון וואַרשע. יעדע גאַס אַ לעגענדע, יעדעס צערואינירט הויז, אַ העלדישע געשיכטע פון רו און — טויט.

און זיין דערציילונג ברענגט מיך אַריין אין דער פינצטערקייט פון דעם וואַלד, ווו יידישע גבורים, ציוניסטן און לינקע, פרומע און פרייע, האָבן אַ ליכטיק ליד צו דער צוקונפט געזונגען, כאָטש געשריבן איז דאָס

ליד מיט בלוט און מיט בליי אין דער פינצטערער נאכט פון אונדזער גע־שיכטע...

און הערט, ווי אַלע אינאיינעם, די לינקע און די חלוצים, זענען פאַר־אייניקט געווען אין צוויי ליבעס: צום העלדישן רוסלאַנד און צו זייער אויסגעחלומטן ארץ־ישראל; זיי מאַרשירן, יאָ, אַלע אינאיינעם, און זינגען ווייטער דעם הימן:

„פון גרינעם פּאַלמענלאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי,
מיר זענען דאָ — מיט אונדזער פּיין, מיט אונזער וויי;
און וווּ געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט".

זיי זענען דאָ אַלע מיט זייער וויי, מיט זייער גבורה, מיט זייער מוט — און דער וועג איז אַ ווייטער, צווישן פּאַלמענלאַנד, ארץ־ישראל, ביזן קאַלטן לאַנד פון שניי — רוסלאַנד...

די יידישע העלדן, מיט וועלכע איך האָב גערעדט — די קאָראָנעלן, די מאַיאָרן, וועלכע האָבן זייערע שליפעס און מעדאַלן דעראָבערט אין בלוטיקע שלאַכטן — גלויבן, אַז די תשובה איז געגעבן געוואָרן דורך דעם געמיינזאַם־אויסגעשמידטן וואָפן... די פּאָליטיקער אָבער?... נאָר וועגן זיי האָב איך נישט קיין צייט צו ריידן, ווייל דער אויטאָמאָביל פּאָרט אריין אין אויסגעפּלאַסטערטן הויף פון הויז פאַר די פּוילישע מיניסטאָרן.

דער הויף ווערט אָפּגעהיט דורך צענדליקער באַוואָפנטע סאָלדאַטן; יעדערער מוז איבערלאָזן זיין פּאַס, אויב ער וויל באַזוכן אַ ווינונג פון אַ מיניסטער, און נאָר נאָכדעם, ווי עס קומט אַראָפּ אַ סאָלדאַט מיט אַ פּאָ־זיטיווער תשובה, לאָזט מען אייך אַריין אין הויז.

ווען איך האָב אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער דערזען, ווי עס פּאָרט אַריין אין זעלבן הויף אַ נייע פּאַקאַרד־לימוזינע און פון איר גייען אַרויס, פאַרטיפט אין אַ געשפּרעך, דער פּרעזידענט פון פּוילן, ביערוט, געאָרעמט מיטן מאַרשאַל זשימיערסקי, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף טאַקע שטאַרק אָפּהיטן דעם דאָזיקן ווינקל פון וואַרשע; די אונטערערדישע פאַ־שיסטישע אַרמיי, וועלכע לויערט מיט מויזנט אויגן אויפן איצטיקן רע־

זשים און האָט אומעטום אירע אַגענטן, וואָלט אַ סך געגעבן, כדי צו זיין אַזוי נאָענט צו די פירער פון פוילן, ווי איך בין גראָד אין דעם מאָמענט געווען...

:: :: ::

אין קאָרידאָר — נעבן דר. זאָמערשטיינס טיר — שטייט ווידער אַ באוואָפנטער זעלנער, וועלכער ציט זיך אויס „אין פראָנט", ווען ער דער־זעט אונדז, אַריינגייענדיק אין דער דירה.

נאָך אַ מינוט, און איך פיל די וואַרימקייט פון פריינטלעכע קושן, פון דער רירנד־הארציקער באַגעגעניש מיט דעם אַלטן דר. זאָמערשטיין. איך פיל אפילו, ווי די סאַמעט־גלעטנדיקע ווייסע באָרד פון קראַנקן יידישן מנהיג ווערט געזאַלצן פייכט...

ער ליגט אין בעט, אַזוי לויכטנדיק־ווייס און אומבאַהאָלפן און האַלטנ־דיק מיין האַנט לאַנג־לאַנג, הער איך, — הערט ער — די טרויעריקע תשובות אויף אָפּגעהאַקטע פראַגן וועגן חברים, וועגן פריינט, וועלכע זענען שוין פון אונדז אַוועקגעגאַנגען...

— און ר' שמואל גאָלדשטיין, דער פרעזידענט פון דער טשענסטאָ־כאָווער קהילה און פון אונדזער קאָאָפּעראַטיווער באַנק?

— נישטאָ, אומגעקומען...

— און דאָבזשינסקי, דער בראַווער כלל־טוער פון זדונסקאַ וואָלאַ?

— נישטאָ. אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ...

— און דר. מייבלום, דער ענערגישער גאַליציאַנער מנהיג פון זאַ־טשעוו?

— אומגעקומען על קידוש השם אין לעמבערג...

און איך ווייס שוין פון פריער, אַז נישטאָ, אומגעקומען זענען אונד־זערע נאָענטע חברים, אָנפירער פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע אין פוילן, לעאָן מיכעלסאָן, דער ריינסטער צווישן די זויבערסטע. דער מענטש פון קרישטאָלענעם כאַראַקטער און שטאָלענע פרינציפּן, ער, דער בונדיסט, איז אומגעקומען אין זעלבן הויז, אין דער זעלבער שלאַכט צוזאַמען מיט דר. יוסף שאַלמאַן, דעם העברעאיסט, דעם התאחדות־פירער, מיט וועלכן ער

האָבן אים פּאַראייניקט צוואַנציק יאָרן פון שעפערישע עקאָנאָמישע אַר־בעטן, כאָטש פּאָליטיש זענען זיי געווען אַזוי ווייט פון זיך.

און שפּעטער ריידן מיר פון די לעבעדיקע, פון וועלכע אַ סך זענען אייגנטלעך שאָטנס, וואָס בלאָנדזשען אין „עולם התוהו", אָפּטמאָל „לע־בעדיקע מתים"...

עס קומט אַריין אין צימער אַ מיטלוווקסיקער פּולקאָווניק, באַהאַנגען מיט מעדאַלן פאַר העלדישקייט. מען שטעלט מיר אים פאָר אַלס גוסטאַוו אַלעף, קאָראָנעל פון גענעראַל־שטאַב, ער איז יונג, אין די דרייסיקער און פון די אויגן שפּריצט מיט ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט.

ווען מען שטעלט מיר אים פאָר, שמייכלט ער, און גיט אַ זאָג:

— מיר האָבן זיך מיט אייך נאָך געקענט פון פאַרן קריג. צי דער־מאָנט איר זיך דעם יונגנמאַן, וועלכער איז צו אייך אין באַנק געקומען וועגן אַ יידישער ווירטשאַפטלעכער ענציקלאָפּעדיע? נו, דאָס בין איך טאַקע. איך האָב נאָך דעמאָלט געשטעלט מיינע ערשטע שריט, געהאַלטן אַזוי צו זאָגן, ביים אַלעף, און איצט, כאָטש אָפּגעשטורעמט אַ ביסל יאָרן, האַלט איך זיך נאָך אַלץ ביי מיין אַלעף...

דער פּולקאָווניק האָט זיין יידישן נאָמען נישט געביטן, כאָטש ער איז שוין דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן „אַלף־בית" זינט זיינע מכבי־יאָרן אין לאָמזשע, ביז זיין איצטיקן אַמט אין דער אַרמיי, איינער פון די העכסטע אין באַדייטונג.

ער פאָרט מיט גענעראַל מאָדעלסקי אַלס פאָרשטייער פון דעם פּוילישן מיליטער קיין אַמעריקע.

ער וויל וויסן, ווי עס לעבט זיך דאָרט, ווי באַקומט מען אַ דירה, וואָס קאָסט אַ באַשיידן באַלעבאַטיש לעבן פאַר אַ קליינער פאַמיליע?

איך דערקלער אים, וואָס איך ווייס וועגן אַזעלכע פראַגן.

דר. זאָמערשטיין באַמערקט דערביי, אַז נאָר אין אַזאַ העלדיש־בלו־טיקער צייט האָט אַ יידישער יונגערמאַן מיט קוראַזש און אַ סך מזל, גע־קאַנט דורכברעכן זיין וועג ביז די העכסטע שטאַפּלען אין דער רעגירונג, אויב, פאַרשטייט זיך, ער איז נאָר לעבן געבליבן.

נאָכדעם בלייבן מיר ווידער אַליין. דר. זאָמערשטיין דערציילט מיר די אַביסל קוריאָזע געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרלאָזט זיין באָרד:

— איר דערמאָנט זיך דאָך מסתמא, אַז איך בין אַ פּאָר יאָר געזעסן אין דער באַלאַשאָווער טורמע, נעבן סאַראַטאָוו. מילאָ, פּ אַ ר ו ו אָ ס איך בין געזעסן, ווייסט איר און ווייס איך, אָדער בעסער געזאָגט, מיר ווייסן ביידע נישט... אַלנפאַלס, איז גוט צו דערמאָנען וועגן דעם איצט, אין וואַרימען און ליכטיקן מיניסטאָרן־הויז אין וואַרשע. דאָרטן פלעג איך זיך אַמאָל ראַזירן, ווי עס איז, מיט אַ טעמפּ קעשענע־מעסערל. שפּעטער איז דאָס מיר דערעסן, און איך האָב באַשלאָסן: זאָל זי וואַקסן די באָרד... און איך האָב לאַנגזאַם באַמערקט, ווי ווייסע האָר נעמען ארום מיין געזיכט, ווי אין אַ ראַם. זיי ווערן אַלץ לענגער — איך ווער אַלץ ענלעכער צו מיינע זיידעס און עלטער־זיידעס, די שטאָלצע גאַליציאַנער מיוחסים. איך באַמערק אויך, ווי די וועכטער פון מיין תפיסה — גוטמוטיקע רוסישע קאַצאַפּעס — באַקומען אַלץ מער דרך־ארץ פאַר מיר. זיי רופן מיך „דיעדושקאַ" (זיידעלע) און מאַכן מיר לייכטער דעם תפיסה־רעזשים. דערנאָך, ווען מען האָט מיך איינגעלאַדן קיין מאָסקווע, אנטיילנעמען אין פּוילישן באַפרייאונגס־קאָמיטעט, איז מיין באָרד געוואָרן אַ סענסאַציע. מען האָט זיך אַפילו מיט מער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו די ווערטער פון אַ מענטש מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד... מען האָט מיך גערן אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי פון די מאָסקווער טריבונעס, אויף וועלכע עס זענען געשטאַנען אָנפירנדיקע קאָמאַנדירן און רעגירונגסלייט. עס פלעגן פאַר אונדז דורכמאַרשירן פאָלקן, וואָס זענען געגאַנגען אויפן פראָנט, און אָט איז עס זיי געפעלן געוועזן, וואָס עס שיקט זיי אַ לעצטן בליק מיט אַ ברכה אַן אַלטער ייד מיט אַ שניי־ווייסער ביבלישער באָרד.

— ווען מיר זענען אָבער געקומען קיין פּוילן, וועלכע איז נאָר־וואָס באַפרייט געוואָרן פון די נאַציס און מען האָט מיך דערזען, איז לכתחילה געוואָרן אַ שטיקל טומל: מען דאַרף בעטן דר. זאָמערשטיינען אָפּראַזירן זיין באָרד; דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגעוווינט פון אַזאַ אויסזען... און איך האָב דווקא דאָ איצט דערפילט דעם געשמאַק פון שטעכן זיי — די אַנטיסעמיטן — די אויגן מיטן אַלטן יידישן הדרת־פנים...

— בין איך שוין אַזוי געבליבן: כמעט דער איינציקער ייד אין היינטיקן פּוילן מיט יענעם עכט־יידישן אויסזען, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע מיליאָנען, וואָס זענען פון אונדז אַוועק.

דער געשפּרעך מיטן קראַנקן דר. עמיל זאַמערשטיין פּאַרציט זיך. איך האָב מורא טאָמער וועט דאָס אים שאַטן און איך וויל דעריבער זיך אויפ־הויבן און אַוועקגיין, אָבער זאַמערשטיין לאָזט נישט; ער וויל נאָך הערן, וואָס מען טראַכט וועגן פּוילן אין דער גרויסער וועלט. ער איז אומרואיק, וואָס די הילף פאַר פּוילישע יידן איז נאָך אַלץ נישט ווי געהעריק אָרגאַ־ניזירט.

„איר זעט — ווייזט ער מיר אָן אויפן טיש פול מיט אויסלענדישע צייטונגען — איך לייען זיי אַלע אויפמערקזאַם און איר באַקומט דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע וועלט פאַרנעמט זיך נאָר מיט קלייבן געלט פאַר פּוילישע יידן; אין נאָמען פון אונדזער פּיין און טראַגעדיע ווערן מאָבי־ליזירט די אומדערשעפּלעכע אוצרות פון יידישן רחמנות, נו, און איר זעט דאָך אַליין: צופיל יידן גייען נאָך אַרום אָן גאַנצע שיך, אָן אַ העמד אויפן לייב, נישט אָפּגעגעסן צו זאַט... און איצט הייבט זיך אָן דאָס גרעסטע פּראָ־בלעם: עס קומען שוין די טראַנספּאָרטן מיט יידן פון רוסלאַנד. מיר האָבן אָרגאַניזירט אומעטום קאָמיטעטן, כדי זיי מקבל פּנים זיין, איינאָרדענען מיט וווינונגען און באַשעפטיקונגען.

וויפל אַזעלכע רעפּאַטריאַנטן וועלן קומען, איז נאָך גענוי נישט באַ־וווסט; אַלנפאַלס, צווישן הונדערט און הונדערט און פופציק טויזנט. איר פאַרשטייט: כמעט הונדערט און פופציק טויזנט לעבעדיקע יידן וועלן אַריינגעגאָסן ווערן אין גרויסן בית הקברות, ווו עס בלאָנדזשען איצט נאָר אַרום זיבעציק טויזנט שאָטנס פון מענטשן, ברעקלעך פון אויסגעשלאַכ־טעטע פאַמיליעס... אָבער די, וואָס קומען, ברענגען מיט זיך קינדער, פרויען, זיי קומען טאַקע מערסטנס אָפּגעריסענע, אויסגעמאַטערטע פון די שווערע מלחמה־יאָרן אין רוסלאַנד און פון דעם לאַנגן וועג, וואָס דויערט אייניקע וואָכן.

זיי קומען פון הייסן טורקעסטאַן, פון פראָסטיקן סיביר און פון די נייע רעפּובליקן אויף יענער זייט וואָלגע.

גראָד היינט איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון קויבישעוו און סטאַ־לינגראַד, צוזאַמען אַרום 1300 נפשות, צווישן וועלכע עס געפינען זיך איבער דריי הונדערט קינדער.

„ווייסט איר, וואָס עס באַדייט אַזאַ צופלוס פון קינדער אין איצטיקן

יידישן פוילן, ווו יעדעס לעבנגעבליבענע קינד איז א נס? די טראַנספּאָרטן
גייען מערסטנטייל קיין נידער־שלעזיע; דאָרטן, אין דער ריכטונג קאַמאַ־
וויץ־ברעסלוי, זענען גאַנץ געבליבן דייטשע שטעט און שטעטלעך, אָבער די
דייטשן אליין ווערן פון דאָרט אינגאַנצן ארויסגעוואָרפן. בלייבן הייזער,
פיינע דירות, א באדייטנדיקע טייל פון זיי ווערט איבערגעגעבן צו די ניי
אָנגעקומענע יידן. נו, איצט פארשטייט איר אליין: עס זיינען גוויטיק שו־
לעס, ווארשטאַטן מיט מאַשינען — דער גאַנצער מעכאַניזם פון שאַפן נייע
לעבנס־באַדינגונגען. וואָס פאַרא גענוואַלטיקע אויפגאַבע עס שטייט פאַר
אונדז!

אין די ערשטע טעג איז פאַראַן ביי אַלעמען א געוויסע באַפרידיקונג.
אַט דאָ, אין די גאַסן, אין די הייזער האָט געוווינט דאָס חזיר־פאָלק, גע־
שריגן ביז הייזעריק ווערן „הייל היטלער", און איצט האָט מען זיי אויס־
געראָטעט... נישקשה, רוסישע „מאַכאָרקע" רויכערט גאַנץ פיין אויס!
איצטער דאָרט גייען יידן פריי אין די גאַסן, זינגען פאָלקס־לידער און עס
איז א שטיקל נחמה...

— אָבער — רייס איך איבער דעם דר. זאָמערשטיין — צי גלויבט
איר, אַז א יידישער ישוב קען זיך יאָרנלאַנג האַלטן אויף אַט דער פאַר־
פלוכטער דייטשער ערד? גלויבט איר, אַז עס לוינט איצט אָנהויבן בויען,
כוחות אריינלייגן, כדי מיט א דור אָדער צוויי דורות שפּעטער זאָל ווידער
פאַרקומען א בראָך?

דר. זאָמערשטיין ווערט אומעטיק און ווידער פינקלען טרערן אין זיינע
העלע אויגן:

— איך פּערזענלעך גלויב, אַז א פעסטע צוקונפט קען מען נאָר בויען
אין אַן אייגן לאַנד. וועגן מיין איבערצייגונג אין דעם ווייסט מען גוט
ביי אין וואַרשע, סיי אין מאָסקווע... אָבער דאָס לעבן שטעלט דאָך אויפ־
גאַבן, וועלכע זענען נישט דורך אונדז פאָרבאַרייט. אַט טאַקע, למשל,
די איצטיקע געוואַלטיקע רעפּאַטריאַציע פון רוסלאַנד. מען מוז דאָך
דאָ ענערגיש אַרבעטן, כדי גלייך ווי זיי גייען אַרויס פון די וואַגאָנעס,
זאָלן זיי זיך, די יידן, נישט פילן פאַראיינזאַמט און צעבראָכן. דאָס לעבן
דאַרף דאָך ווייטער אָנגיין...

— און צי גלויבט איר, אַז די יידן, וואָס קומען איצט אָן, האָבן דאָס

טאקע דעריבער פאַרלאָזן רוסלאַנד, כדי זיך אויף שטענדיק צו באַזעצן אין פוילן? — פרעג איך.

— ניין! די גרעסטע טייל פון זיי וויל פאָרן ווייטער: קיין ארץ ישראל, צו קרובים אויף יענער זייט ים... אָבער מיר מוזן זיך דאָך רעכענען מיט רעאַליטעטן, מיט די טאָגטעגלעכע באַדערפעניש[ן] פון לעבעדיקע מענטשן, וועלכע קענען לעת עתה ווייטער ווי פוילן נישט פאָרן. און אין דעם ליגט איצט דאָס שווערסטע פּראָבלעם פאַר די גרויסע יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס.

— איר, דר. זאַמערשטיין, זענט געווען אין רוסלאַנד, אַ לאַנגע צייט געהאַט אין מאָסקווע באַציאונגען מיט די פירנדיקע ספערן. קענט איר מיר נישט זאָגן, וואָס קלערט מען דאָרט וועגן דער צוקונפט פון יידישן פאָלק?

— ווען איך בין געווען אין מאָסקווע, האָט זיך נאָך די מלחמה נישט געהאַט געענדיקט. אַלע אָנשטרענגונגען זענען דעריבער געגאַנגען אין דער ריכטונג פון צעשמעטערן דעם שונא. אָבער איך קאָן אייך דערציילן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וועלכער איז מיט מיר פאָרגעקומען אין קרעמל אין צוזאַמענהאַנג טאַקע מיט אייער פראַגע וועגן רוסלאַנדס באַציאונג צו דעם יידישן פּראָבלעם אַלס אַ גאַנצעס. דאָס איז געווען אין סוף פון 1944, ווען סטאַלין האָט איינגעלאַדן די מיטגלידער פון דער האַמאָלסדיקער לובלינער פוילישער רעגירונג צו אַן אנטשיידנדיקער באַראַטונג אין מאָסקווע. נאָך טעג און נעכט פון פּאָליטישע דעבאַטן האָט מען פאַר אונדז אַלע איינגעאָרדנט אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט אין די זאַלן פון קרעמל. איך בין נאָך דעמאָלט געגאַנגען מיט דער הילף פון קוליעס. אפשר צוליב דעם, און אפשר ווידעראַמאָל צוליב מיין לאַנגער ווייסער באָרד, וועלכע האָט אַרויסגערופן צו זיך אַ נישט פאַרדינטע חשיבות, נאָר מען האָט מיך ביים באַנקעט־טיש אַוועקגעזעצט גאָר אויבנאָן, ביים זייט פון סטאַלינען. אַנטקעגן מיר איז געזעסן דער מיטגליד פון אַלמעכטיקן פּאָליט־ביוראָ, דער ייד קאַגאַנאָוויטש. די גאַנצע צייט האָב איך געפילט, ווי קאַגאַנאָוויטש נעמט נישט אַראָפּ פון מיר די אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „ביי דעם טיש זענען מיר אפשר די איינציקע, וואָס פאַרשטייען די גרויסע טראַגעדיע, דורך וועלכער דאָס יידישע פאָלק גייט איצט דורך"... און דאָ גיט זיך פּלוצלינג סטאַלין אַ הויב פון אָרט, און אַזוי ווי ער וואָלט גע־

פילט, וועגן וואָס זיינעביידע שכנים טראַכטן איצט, האָט ער אויפגעהויבן דעם כוס מיט בראָנפן און מיט זיין כאַראַקטעריסטיש האַרטער רוסישער שפּראַך האָט ער ארויסגעשטורעמט אַ טאָסט: „איצט טרינק איך פאַר דער צוקונפטיקער נקמה, וועלכע מיר וועלן נעמען פון די נאַצים פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע קרבנות!" אַלע האָבן ענטו־זיאַסטיש אונטערגעכאַפּט דעם טאָסט. קאַגאַנאָוויטש האָט אויך אויפן קול, אַלע זאָלן הערן, זיך געווענדט צו סטאַלינען מיט פאָלגענדיקער באַמער־קונג: „טאָוואַרישטש זאָמערשטיין האָט אַ ספּעציעלן חשבון צו דערליי־דיקן מיט היטלערן"... „אָ, יאָ, איך ווייס" — האָט צוגעשאָקלט סטאַלין מיטן קאָפּ. און דאַן האָב איך באַשלאָסן נאָך היינט אויף דער נאַכט, נאָך אויף דעם באַנקעט זיך דערוויסן, וואָס סטאַלין טראַכט וועגן אַלוועלטלעכן יידישן פּראָבלעם נאָך דער מלחמה. און איר ווייסט דאָך, אַז גלאַט אַזוי אַ רעד טון צו סטאַלינען וועגן פּאָליטישע פראַגן איז אין רוסלאַנד נישט אָנגענומען. מען דאַרף שאַפן דערצו די געהעריקע געלעגנהייט. אַלנפאַלס טאָר דאָס נישט פאָרקומען אָט ביי דעם טיש, ווען אַלע הערן זיך איין צו יעדן וואָרט, וואָס סטאַלין רעדט ארויס. אָבער ווען דער באַנקעט האָט זיך געענדיקט און מיר אַלע זענען איינגעלאַדן געוואָרן אין דעם קינאָ־זאַל, צו וועלכן מען גייט דורך איבער אַ שמאָלן קאָרידאָר, האָב איך זיך אַזוי אויפגעהויבן, איך זאָל זיין נענטער צו סטאַלינען. און דאָ איז מיר געקו־מען צו הילף קאַגאַנאָוויטש, וועלכער האָט מיך גענומען אונטערן האַנט, דערלאַנגט די קוליעס און אויף אַ פּאָר סעקונדן פאַרהאַלטן סטאַלינען, כדי איך זאָל מיט אים קאָנען גיין זייט ביי זייט, און דאַן אין דעם שמאָלן קאָרידאָר, ווו איך בין געגאַנגען אַליין מיט סטאַלינען, האָב איך אים גע־שטעלט די פראַגע: „צי האָט בדעה דער סאָוועטן־פאַרבאַנד נאָכן געווינען די מלחמה, אַנגאַזשירן זיך און מיטהעלפן, אַז די יידישע פראַגע זאָל ענד־לעך געלייזט ווערן אין וועלט־מאַסשטאַב?" סטאַלין פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און ענטפערט מיר, אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט: „יעסטיעסט־ווענאָ! אי ריעשים עטאָ אָסנאָוואַטעלנאָ!" (נאַטירלעך, און מיר וועלן דאָס גרינטלעך לייזן!) איך פערזענלעך האַלט, אַז סטאַלינען וואָלט מען גע־דאַרפט זוכן צו געווינען פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער לייזונג פון דעם יידישן פּראָבלעם. סטאַלין געהערט צו אַ קאַטעגאָריע פירער, וועלכע

טראַכטן טיף, גרינטלעך און מיט אַ ווייטן בליק אויף געשעענישן. איך בין דעריבער איבערצייגט, אַז אויך די לייזונג פון דער יידישער פראַגע געפינט זיך ערגעץ־ווו אויף זיין קאַלענדאַר... וואָס פאַר אַ מיטלען וואָלטן געקענט צואיילן, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל וואָס שנעלער באַנוצן זיין מעכטיקן איינפלוס, כדי אונדז שנעלער צוהעלפן, דאָס איז שוין אַ ספּעציעלע פראַגע.

IV

# די פרוי מיטן חותם

ווען איך בין געקומען צוריק אין מיין האָטעל, האָט אין האָל געוואַרט אויף מיר אַ פרוי, וועלכע איז מיר פאָרגעקומען זייער באַקאַנט, און איך האָב זיך נישט געקאָנט גענוי דערמאָנען, ווו מיר האָבן זיך געטראָפן. אָבער די פרוי רופט אָן איר נאָמען און גלייך מאַך איך זיך אַליין אַ פאָרוואורף: ווי אַזוי טאַקע האָב איך דאָס געקאַנט פאַרגעסן דאָס געזיכט פון אַ פאַמיליע־פריינט, מיט וועלכן מיר זענען געווען אַזוי נאָענט אין די פאַר־מלחמה־צייטן, באַזוכט זיך קעגנזייטיק אין די הייזער, פאַרבראַכט פיינע אָוונטן אויף די רייכע פאַרוויילונגען, וועלכע פלעגן ביי איר אין הויז געגעבן ווערן.

זי באַלאַנגט צו איינער פון יענע גרויסע יידישע משפחות מיט אַ קלינגענדיקן נאָמען, וועלכע זענען געווען טיף איינגעוואָרצלט אין דער פוי־לישער ערד און דער פוילישער ווירטשאַפט. די זיידעס זענען געווען פייער־דיקע חסידים. די טאַטעס — וועלטלעכע סוחרים און פאַבריקאַנטן. די קינדער — דיפּלאָמירטע אינזשעניערן, דאָקטוירים, קינסטלער...

איך געדענק איר חתונה מיט אַ יאָר צען צוריק, ווען זי האָט אַרויס־געלויכטן מיט איר אויסטערלישער בלאָנדער שיינקייט פון בוקעט פרישע רויזן, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי בלאַס אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרבן־שפּיל פון אירע בלויע אויגן און צאַרט־מאַטן געזיכט.

איך מאַך אַן אָנשטרענגונג נישט אַרויסצווייזן, ווי איבעראַשט איך

בין מיט דער ענדערונג, וואָס איך געפין אין איר. זי קוקט מיך אָן מיט א טרויעריקן שמייכל:

— נישט דערקענט מיך, אָ, איך פאַרשטיי, איך ווייס... איר זענט עס נישט דער ערשטער... אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. איך האָב צו אייך א ביטע: געפינט מיר אויס אין אַמעריקע מיין פעטער ס., וועלכער איז א פּראָפעסאָר אין...

— פאַרשטייט זיך, איך וועל אויסגעפינען. איך וועל זיך אפילו פער־זענלעך מיט אים זען, איך וועל טאָן אַלץ פאַר אייך...

איך האָב מורא צו פרעגן ווייטער: וועגן מאַן, קינדער, שוועסטער, אָבער זי פילט די פראַגע און ענטפערט אליין:

— קיינער נישט געבליבן, קיינער נישט! נאָר לאַטעק, מיין יינגעלע, איר געדענקט אים געווים. ער איז דאָ! צוליב אים לעב איך אויך, ווען נישט ער...

זי ענדיקט נישט. איך כאַפּ־אויף איר מאָדנעם בליק אין די אויגן: זיי זענען ווי פּוסט. זיי קוקן ווי איבער מיר; עפּעס אזוי גלייכגילטיק. אָן לעבן, ווי אויגן פון א בלינדן.

מיט גרויס מי בעט איך זיך איין ביי איר, מיר זאָלן אויסטרינקען א גלאָז טיי צוזאַמען. אָבער זי שטעלט א באַדינג:

— נאָר נישט אין דעם האָטעל. איך האס אָט די אַלע פּריילעכע פּנימער, אזעלכע זאַטע, זאָרגלאָזע, וועלכע דרייען זיך ארום אין „פּאָלאָ־ניאַ". און באַזונדערס פאַרטראָג איך נישט מיליטערלייט, אפילו אויף אייער מיליטערישן אוניפאָרם קען איך נישט קוקן... קומט ארוים ערגעץ דאָ אין שכנות, אין א קליינער קאַפע־הויז, וועלן מיר קאָנען רואיק שמועסן.

איך גיב איר נאָך. איך פרעג שוין איבערהויפּט נישט לעצטנס קיין פראַגעס אין דער דאָזיקער טראַגישער שטאָט פול מיט מענטשן, פון וועלכע יעדער האָט אזוי פיל שרעקנס צו דערציילן.

און אָט שטייט פאַר איר א גלאָז קאַלטע טיי, וועלכע זי טרינקט נישט, און איך זיץ אַנטקעגן איר, קוק אין די לערע אויגן, דעם אזוי בלאַסן גע־זיכט, וועלכער האָט די פאַרב פון פרישן טייג, און הער זיך צו צו איר מאָנאָטאָנעם גלייכגילטיקן קול, וועלכער שניידט זיך אָבער איין ביי מיר אין הארצן, ווי מיט געברענטע שפּיזלען.

— איר פרעגט מיך גאָרנישט. דעריבער ווילט זיך מיר אייך דער־ציילן. און אפשר וויל איך זיך פשוט אראָפּריידן פון הארצן פאַר אַ מענטש, וואָס האָט מיך געקענט אין די יאָרן פון מיין גליק. איצט האלט איך, אַז עס האָט מיר אַזוי פיל גליק גאָרנישט געקומט; איר האָט געדענקט מיין מאַן: שיין, יונג, געבילדעט, איינער פון די בעסטע אינזשעניערן אין לאַנד. באַקומען פרעמיעס פאַר אַרכיטעקטור, מיר האָבן זיך ליב געהאַט. די פאַ־מיליע האָט אונדז אויף די הענט געטראָגן. אַרום אונדז — רייכע קרובים, אַן אייביקער יום־טוב אין זייערע הייזער; געסט, אויפנאַמעס, שמחות... ביי אונדז אין פאַמיליע האָט מען דאַן נישט געוווּסט דעם פּרייז פון געלט! און שפּעטער איז לאַטעק געבוירן געוואָרן — אַ נייער קוואַל פון פרייד, דריי־יאָר איז ער אַלט געווען, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און געמאַכט אַ סוף צו דעם גוטן לעבן. כאָטש אין די ערשטע דריי יאָר פון קריג און געטאָ האָבן מיר נאָך אַלץ געהאַט פון וואָס צום לעבן, נאָך געווען געניג מיטלען זיך אויסצוקויפן. דערנאָך האָט מען געשאָסן מיין מאַן; ער האָט זיך נישט געלאָזט פירן קיין טרעבלינקע, האָט מען אים אַוועקגעלייגט מיט אַ קויל פאַר מיינע אויגן... שפּעטער האָט מען מיך מיטן קינד אַוועקגע־פירט, אָבער נישט קיין טרעבלינקע, נאָר מיט אַ גרופּע יונגע פרויען קיין אָשוויענטשים... איר ווייסט, וואָס אָשוויענטשים איז געווען, ווו די קרע־מאַטאָריע־אויוונס דאָרטן האָבן נישט אויפגעהערט צו ברענען, אָבער איך בין פון זיי אַרויס, ווייל אַ נאַצישער אָפיציר האָט זיך אין מיר פאַרליבט; שטעלט אייך פאָר, פאַרליבט אויף אַן אמת, מיט ליבע־בריוועלעך, וועלכע ער פלעגט שיקן דורך אַ קראַנקן־שוועסטער אין מיין באַראַק — מיט מתנות, וועלכע זענען באַשטאַנען פון עסנוואַרג פאַר מיר און פאַרן קינד; ער האָט אַפילו אַ ליד פאַרפאַסט לכבוד „יהודית זיין טרוים" — ווי ער האָט מיך גערופן. ווען איך האָב קאַלט געענטפערט אויף זיינע ליבע־מאַנעווערן, האָט ער באַנוצט דעם ווירקזאַמסטן פּסיכאָלאָגישן מיטל: ער האָט מיר איינמאָל פאַרגעשלאָגן, איך זאָל מיין קינד אָנטרויען צו זיין מוטער, וועלכע וווינט נישט ווייט, אין דער שטאָט ביטאָם. דאָרט וועט מען מיין זון באַהאַנדלען ווי אַן אייגן קינד און אַזוי אַרום פאַרזיכערן זיין לעבן. איך האָב פון אָנפאַנג נישט געוואָלט גלויבן; געמיינט, אַז עס איז אַ טריק, האָט ער אָבער אויסגעווירקט, מען זאָל מיך שיקן אויף אַ פּאָר טעג

אַרבעט כּלומרשט קיין קאַטאָוויץ, פֿון דאָרט האָט ער מיך מיטן קינד געגומען קיין ביטאָם און אַריינגעפֿירט אין זיין מוטערס הויז. זי האָט געמאַכט אַן איינדרוק פֿון אַ גוטמוטיקער דייטשער פֿרוי מיט נישט קיין שלעכטע מאַנירן. זי האָט געאַרבעט ביי זיך אין שטוב, נייענדיק וועש פֿאַר דער אַרמיי, אַזוי אַז זי האָט געקאָנט אַ גאַנצן טאָג אַכטונג געבן אויפֿן קינד. זי האָט שוין פֿריער געוווּסט וועגן דער באַציאונג פֿון איר זון צו מיר און גאַנץ גערן מסכּים געווען צו נעמען צו זיך לאַטעקן. איך האָב שטאַרק געוויינט, אָבער דאָס קינד האָב איך פֿונדעסטוועגן איבערגעלאָזן ביי דער דייטשקע. ווען מיר זענען געקומען צוריק אין לאַגער, האָט מען געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבן אין וועג, און זיין נומער, לאַטעק האָט ווי אַלע אַנדערע שקלאַפֿן אין אָשוויענטשים גע־האַט אַ נומער אויסגעטאַטוּאירט אויף זיין הענטעלע, איז אויסגעמעקט גע־וואָרן פֿון דער רשימה פֿון די לעבעדיקע. מיינע באַציאונגען מיטן נאַצי האָבן אָנגעהאַלטן בלויז איניקע וואָכן, און ער איז פּלוצלינג פֿאַרשוווּנדן געוואָרן: צי מען האָט אים געמסרט, צי צוליב אַן אַנדער סיבה, אָבער מען האָט אים פֿון לאַגער אַוועקגענומען און איך האָב אים שוין מער קיינ־מאָל נישט געזען. אויך מיך האָט מען אַוועקגענומען, צוזאַמען מיט פֿיל אַנדערע יידישע פֿרויען. איך שעם זיך אייך גאָרנישט צו דערציילן, אַז מען האָט אונדז אַוועקגעפֿירט אין אַ שאַנד־הויז פֿאַר דייטשע אָפֿיצירן אין אַ לאַגער פֿון לובעק...

די אויגן פֿון מיין באַקאַנטע ווערן אָנגעצונדן מיט עפּעס אַן אומהיימ־לעך טונקל פֿייער. איך קאָן נישט קוקן אויף איר געזיכט. איך לאָז אַראָפּ מיין בליק, אָבער זי לאָזט נישט אָפּ:

— ניין, ניין! נישט אַזוי שעמעוודיק און קוקט מיך אָן גלייך אין די אויגן, ווי איך שעם זיך נישט אָנקוקן אָט דער גאַנצער מיאוסער וועלט, נאַ, זעט!...

זי שפּיליעט אָפּ דעם לאַנגן אַרבל פֿון איר בלוזע און פֿאַר מיינע דערשטוינטע אויגן באַווייזט זיך דער אויסגעקריצטער נומער פֿון קאָנ־צענטראַציע־לאַגער און איבער אים אַ בלויער אויפֿשריפֿט, אויסגעברענט אין דער ווייסקייט פֿון עלנבויגן: „יודענהור" (יידישע זונה).

— יאָ, אַ יידישע פּראָסטיטוטקע בין איך געווען! אַ יאָר צייט „פֿאַר־

זיסט" דאָס לעבן פון שיכורע נאַציִשע אָפיצירן, פון בהמות, פון חזירים!...
וויפל מאָל האָב איך געוואָלט א סוף מאַכן צו מיינע ליידן, אַוועקלייגן א
נאַצי און זיך אַליין, ווי עס האָט אַמאָל געטאָן אן אַנדער יהודית מיט
אַזעלכע אויסוואורפן. אָבער שטענדיק האָט פאַר מיינע אויגן אַרויסגעלויכטן
דאָס געשטאַלט פון מיין זונדעלע דאָרטן ביי דער דייטשקע אין ווייטן
ביטאָם. צוליב אים וועל איך לעבן, צוליב אים אַלע חרפּות איבערגע־
טראָגן!... און שפּעטער זענען געקומען די רוסן און אונדז באַפרייט.

— איך מוז אייך זאָגן, אַז צו אונדז, צו די פרויען, אַרויסגענומענע
פון דער דייטשער שאַנד־פאַבריק, האָבן זיך די רוסישע מיליטערלייט באַ־
צויגן מיט א באַזונדער דרך ארץ; עס איז געווען מער ווי רחמנות, מער
ווי א מענטשלעכע באַציִאונג צו קרבנות פון א שענדלעכן טעראָר; עס איז
געווען עטוואָס פון אַמאָליקן ריטערטום... רוסישע אָפיצירן פלעגן פאַר־
לייגן, איך זאָל מיט זיי חתונה האָבן... „דאַוואַיטיע זשעניטסיאַ" (לאָמיר
חתונה האָבן) — האָב איך אָפט געהערט הייראַט־פאָרשלאָגן אין דעם
דיוויזע־ביוראָ, וווּ מען האָט מיר גלייך נאָך דער באַפרייאונג געגעבן אַר־
בעט. אָבער איך האָב געדענקט וועגן אַן אַנדער „חתן", וועגן מיין זונדעלע,
וועגן מיין בחורל, וועלכן איך האָב אָנגעטרויט דער דייטשקע אין ביטאָם.

מיט גרויס שוועריקייט בין איך שפּעטער דאָרט אָנגעקומען. און
שטעלט אייך פאָר: איך האָב געפונען מיין קינד געזונט און פריילעך,
האַרציק צוגעבונדן צו דער מוטער פון יענעם דייטש, וועלכער האָט מיך,
ווייזט אויס, אויף אַן אמת ליב באַקומען. ער איז שוין געווען טויט ערגעץ
אויף א פראָנט, און פאַר זיין מוטער איז מיין קינד געווען א לעבעדיקער
זכר פון איר איינציקן זון...

— איצט בין איך דאָ. איך אַרבעט אין א ביוראָ, וווּ מיין ענגליש
איז נויטיק. עס פעלט מיר גאָרנישט, אָבער עס פעלט מיר אָטעם... איך
מוז אַרויספאָרן פון דאַנען. איר פאַרשטייט, איך מוז! וועט איר אויסגע־
פינען מיין פעטער, דעם פּראָפעסאָר?

אָ, געוויס וועל איך אויסגעפינען. אין דער אמתן, ווען איך שרייב
איצט די דאָזיקע שורות, איז שוין פּראָפעסאָר ס. אין קאָנטאַקט מיט זיין
קרובה אין וואַרשע. געשיקט איר אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן, פּעקלעך, וועט
זיך פאַרנעמען מיט איר גורל.

און דער שענדלעכער בלויער אויפשריפט אויף דער ווייסקייט פון איר עלנבויגן? ער פאַרשעמט נישט זי, די אומגליקלעכע פאַריתומטע יידישע פרוי. ער ברענט ווי א קין־צייכן אויפן שטערן פון דער ווילדער וועלט. ער רופט צו נקמה. ער פאַרשווערט אונדז אַלעמען: „זאָלסט נישט פאַרגעסן!".

V

# יידן רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן

אין וואַרשע זענען פאַרן קריג געווען איייניקע זייער שיינע האָטעלן און פיל פון אַ מיטעלער קאַטעגאָריע. די אַמאָליקע „בריסטאָל", „איירא־פּעיסקי", „זשימסקי", זענען באַוווסט געווען אַלע רייזנדע. היינט זענען זיי חורבות, וועלכע ווערן אָבער אינטענסיוו איבערגעבויט און צוגעפּאַסט צו די נייע וווינונגס־באַדינגונגען. גאַנץ געבליבן איז נאָר דער ערשטקלאַ־סיקער האָטעל „פּאָלאָניאַ", נעבן צענטראַלן וואָקזאַל. דעם וואָקזאַל האָט מען געבויט גאַנצע צען יאָר און ער איז צעשטערט געוואָרן דורך באָמבעס אין איין נאַכט.

איך ווייס נישט, צי אין דער גאַנצער וועלט וועט איר איצט געפינען אַ געביידע פון דעם זעלבן כאַראַקטער ווי האָטעל „פּאָלאָניאַ". דער האָטעל איז באַוווינט דורכווים פון דיפּלאָמאַטן. און יעדער עטאַזש, יעדער צימער, טראָגט דעם קאָלאָריט פון אַן אַנדער לאַנד.

בעת מיין רייזע דורך לאָנדאָן, האָט מיר אַ יידישער שרייבער פון קאַנאַדע, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט פון וואַרשע, געגעבן אַ לעקציע, ווי אַזוי איך זאָל רעדן מיטן מעכטיקן פאַרוואַלטער פון דאָזיקן אייגנאַר־טיקן דיפּלאָמאַטן־האָטעל און אַרויסבאַקומען פאַר זיך אַ צימער. און אפשר מיינט איר, אַז די לעקציע מיינט אַ פּעטע מטבע אין יד אַריין, האָט איר אַ טעות: אין פּוילן, ווי אין די ערשטע יאָרן אין סאָוועט־רוס־לאַנד, רוימט מען איצט אומברחמנותדיק באַאַמטע, וואָס נעמען כאַבאַר.

אַנדערע זעצט מען אַריין אויף לאַנג אין „חד־גדיא" און אַנדערע ווערן פאַרשוווּנדן; פאַר ספּעציעלע קאַטעגאָריעס עפנט זיך דער גאָר ווייטער וועג צום „פּאָלאַר קרייז", ווו מען ווערט געשיקט אָן פּאַספּאָרטן און רוסישע וויזעס.

דאָס הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען שוין געקומען משיחס צייטן און מלוכה־ אָדער פּריוואַט־ באַאַמטע לעבן פון זייערע מאָגערע שכירות אין זלאָטעס... אָבער אַז מען כאַפּט, איז שלעכט!

אין פאַל פון מיין האָטעל־פּאַרוואַלטער איז ער צו־קלוג צו לאָזן זיך געבן אין יד אַריין. עס ווייזט אויס, אַז ער דאַרף גאָרנישט; אַז עס אימ־פּאָנירט אים שטאַרק דאָס אָנפירן מיט אַ האָטעל, ווו וועלט־באַרימטקייטן שטייען פאַר אים אָן אַ היטל און בעטן זיך: דאָ וועגן אַ צימער, דאָ וועגן אַביסל באַהייצונג, אָדער הייסע וואַסער, אָדער אַ באָד.

אַז איר גיט אַ קוק אויפן געזיכט פון פּאַרוואַלטער, קוקן אייך אַנט־קעגן שטעכעדיקע, שלעכטע אויגן, צונויפגעפּרעסטע ליפּן און איר דער־וואַרט אויף אַלץ אַ תשובה: „ניין".

אַזוי איז עס אויך געווען מיט מיר, ווען איך בין געקומען פון פּלי־פּלאַץ מיט מיינע פּעקלעך און געבעטן אַ צימער.

— וואָס? אַ צימער ווילט איר? פאַר זיך אַליין? עס זענען שוין פאַר־שריבן ביי מיר גענעראַלן און דיפּלאָמאַטן, וואָס וואַרטן אויף דעם מער ווי צוויי וואָכן... איר וועט מוזן נעמען אייערע וואַליזעס און פאָרן ערגעץ אַנדערש...

ער רעדט בייז, דרייט זיך אויס: איר זעט פאַר זיך אַ טיפּ פון אַ קלאַסישן אַנטיסעמיט... אָבער איך רוף אים אָפּ אָן אַ זייט:

— וואָס? איר דערקענט מיך גאָר נישט? דאָס בין איך דאָך, שאָש־קעס, דער יידישער זשורנאַליסט, וואָס פלעגט קומען צו אייך אין קאַליש קאָנטראָלירן די קאָאָפּעראַטיווע בענק, האַלטן פאָרלעזונגען...

מיין „אַנטיסעמיט" ווערט פלוצים אַן אַנדערער. די אויגן לייכטן אויף, אַ שמייכל באַווייזט זיך אויף זיינע ליפּן.

— אוי, טאַקע איר! שלום עליכם! באַלד־באַלד וועל איך אייך געבן אַ צימער, איר וועט זיך מאַכן אַ באָד, זיך אָפּרוען פון דער לאַנגער רייזע... קאַליש? דאָס איז געווען גאָר אַמאָל, ווען איך האָב געהאַט אַ ווייב, אַ

קינד, טאטע־מאמע... היינט האב איך שוין מער גארנישט, אפילו איך אליין בין דאך גאר אויף דער וועלט מער נישטא. אנשטאט מיר, נייט ארום א בייזער גוי מיט א פרעמדן נאמען, וועלכער האט פיינט אלעמען און אלע האבן אים פיינט... זאגט מיר, איך בעט אייך, וועל איך ז י ך אליין אמאל קענען געפינען? סיידן אפשר אין ארץ־ישראל!...

דאס איז געווען דער ערשטער „מאראן", וועלכן איך האב באגעגנט אין ווארשע... שפעטער האב איך זיי באגעגנט אויף יעדן טריט און שריט; פון יעדע דריי באקאנטע מיינע זענען צוויי „אונטערגרונט־יידן", מיט פרעמדע נעמען, מיט פאלשע פאספארטן נאך פון די דייטשע צייטן, ווען מען האט געקויפט פאר שווערן גאלד א צייגעניש פון „ארישער" אפשטאמונג, ארויסגעגעבן דורך א גלח, וועלכער האט עדות געזאגט, אז נאך דער עלטער־זיידע פון „נסתר" איז געווען א טרייער רוימער־קאטאליק...

נישט אלע אבער, וואס האבן געהאט גאלד אדער דימענטן, האבן אזא פאפירל געקאנט קויפן; צו דעם האט מען אויך געמוזט האבן א „גוטן אויסזען"... און וואס איז א „גוטער אויסזען" נאך אפילו אין היינטיקן פוילן, וועל איך אייך באלד דערקלערן. ווען מען זאגט איצט אין פוילן: „זי אדער ער האבן זיך געראטעוועט, ווייל זיי האבן ג ו ט אויסגעזען, מיינט דאס, אז זיי האבן פארמאגט א פארריסענע נאז, בלאנדע האר, בלויע אויגן און א פנים פון א דינסט, אדער א האלץ־העקער... ווײ צו איינעם, וואס זיינע אויגן האבן געפינקלט מיט שווארצקייט און די הויט איז געווען טונקל, אזוי אז מען האט געקאנט חושד זיין דעם סעמיטישן טיפ. די דייטשן האבן זיך אויף דעם נישט פארשטאנען. זענען געקומען זיי צו הילף די פאליאקן.

איך האב זיך אזוי פיל אנגעהערט פון דעם שאנטאזש, וואס איז געווען בעת דער נאצישער ממשלה א בליענדיקע אינדוסטריע אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך. צענדליקער טויזנטער יידן וואלטן זיך געראטעוועט אויף דער „ארישער" זייט פון די געטאס, ווען נישט אט די מיאוסע ברואים, וועלכע פלעגן אפשטעלן אין גאס יעדן, וואס האט זיך זיי אויסגעוויזן פארדעכטיק אין יידישקייט און דורכגעפירט אן אינקוויזיציע־אויספארשונג. מען האט געדארפט זיין שטארקער פון אייזן צו קוקן אזא מנוול אין די אויגן און לייקענען... איז דאס געווען א פרוי און זי האט גערעדט

פויליש אָן אַן אַקצענט, פּלעגט זיך דאָס נאָך אַמאָל איינגעבן. אָבער אַ מאַנספּאַרשוין האָט נישט געקאָנט לאַנג אויסהאַלטן: יעדער פּוילישער כו־ליגאַן האָט רעכט געהאַט גלייך אין מיטן גאַס נאָכזען, צי דער מאַן איז אַ ייד... פּלעגט מען דעריבער זיך אויסקויפן מיט געלד אָדער חפצים, נאָך איידער דער עקזאַמען איז געמאַכט געוואָרן...

אין פאַל אז מען האָט זיך נישט געקאָנט אויסקויפן, פּלעגט דער מסור צורופן אַ געשטאַפּאָ־הונט, וועלכער האָט זיך שטענדיק געפונען אונטערן האַנט און יענער פּלעגט דערשיסן דעם קרבן אָט טאַקע אין מיטן גאַס. אַזוי איז געווען די פאַראָרדענונג, דאָס איז מערסטנטייל פאָרגעקומען אין די יאָרן 1943 ־ 1944, ווען די געטאָס זענען שוין געווען ליקווידירט און יעדער געפונענער ייד איז לכתחילה פאַרמשפּט געווען צום טויט דורכן פאַקט אליין פון זיין יידישקייט.

אַזוי איז אויך אומגעקומען דער מאַן פון מיין קוזינע, דר. אַלעקסאַנ־דער פּאָמפּער, אַ באַקאַנטער כירורג אין וואַרשע. ער איז געווען בלאָנד און שלאַנק, אַ דורכויס ענגלישער טיפּ, ער און זיין בלאָנדע ווייב, מיין קוזינע, האָבן זיך געראַטעוועט נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד אויף דער אַרישער זייט און זיך באַזאָרגט מיט פאַלשע פּאַפּירן. אָבער אין זומער 1944 איז פאָר־געקומען אַ קאָנטראָל פון דאָקומענטן ביי אַלע פּאַליאַקן, לאַנגע רייען האָבן זיך געצויגן צו די קאָנטראָל־ביוראָען, ווו מען האָט די פּאַפּירן געשטעמפּלט. דעמאָלט איז אויך דר. פּאָמפּער געשטאַנען אין דער ריי ביז... אַ „קאָלעגע", אַ גויאישער דאָקטער, האָט אים צופעליק באַמערקט. ער איז גלייך צו אים צוגעגאַנגען און אַ זאָג געטון הויך, אַז אַלע זאָלן הערן:

— ווי קומסטו איבערהויפּט דאָ? דו ביסט דאָך אַ ייד!

דר. פּאָמפּער האָט אָנפאַנגס געפּרוווט לייקענען, זאָגן, אַז דער בעל דבר האָט מסתמא געהאַט אַ טעות, ער איז נישט יענער, וועמען ער מיינט... אָבער דער חיהשער דאָקטער האָט זיך נישט געלאָזן אָראָפּפירן פון וועג:

— וועמען דערציילסטו? איך האָב דאָך מיט דיר אין אוניווערזיטעט געלערנט. דערנאָך האָבן מיר צוזאַמען געדינט אין איין פּאָלק! אַ ייד ביסטו, אַ ייד!

ס'איז געוואָרן אַ טומל און אַ ס.ס.־אָנפירער פון קאָנטראָל־פּונקט איז אַרויס זען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט באַפוילן מיין קוזין אַנטפּלעקן

דעם סימן... און גלייך איז געפאַלן אַ שאָס און דר. פּאָמפּער איז געבליבן טויט אויפן טראָטואַר.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָבן זיך מאַמעס אַ וואָרף־געטאָן ראַטעווען זייערע יינגלעך דורך אַן אָפּעראַציע, וועלכע האָט געזאָלט „גוט־מאַכן" און אָפּמעקן דעם צייכן פון ברית־מילה. פּוילישע דאָקטוירים פלעגן נעמען פאַר דעם באַצאָלט אין דימענטן אָדער אין גאָלדענע דאָלאַרן. דער פּרייז איז געווען אויף אונדזער געלט פון פינף הונדערט ביז טויזנט דאָלער. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן: מוסרים־שכנים האָבן געשמעקט, גענישטערט, געזוכט און ווידער געצויגן געלט פאַר נישט אַרויסגעבן דעם פאַרקערטן „רך־הנימול" צו דער געשטאַפּאָ.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען דאַן, ווען די דייטשן האָבן געצאָלט אַ פּרעמיע אַזוי הויך, ווי דריי פונט צוקער פאַר יעדן אַנטדעקטן יידן. די דעמאָראַליזירטע פּוילישע באַפעלקערונג האָט דאַן אָנגעהויבן אַ גײַעג נאָך באַהאַלטענע יידן; דאָס איז געווען טאָפּלט זיס: אי מען הרגעט אַ ייד און אי מען באַקומט נאָך צוקער דערפאַר...

יענע שרעקלעכע יאָרן האָבן פאַרסמט פּוילן מיטן געפיל, אַז דאָס לעבן פון אַ יידן איז גאָרנישט ווערט. שקצים קליינע, דער צוקינפטיקער יונגער דור, האָבן זיך דערצויגן אין אַן אַטמאָספער פון ביליקע יידישע לעבנס; אין 1944 האָט מען שוין געצאָלט פאַר יידן אין דאָרף און אין שטאָט נאָר אָנדערהאַלבן פונט צוקער... עס איז געוואָרן אַן „אינפלאַציע" פון געכאַפּטע יידן און די צוקער־זאַפּאַסן האָבן אָנגעהויבן אויסצוגיין...

אָט אין דער חיהש דעמאָראַליזירטער שטימונג פון די לעצטע צוויי יאָר פון קריג דאַרף מען זוכן די סיבה פון דער ווילדער שנאה צו יידן, וואָס הערשט נאָך איצט אין פּוילן, אַ פּיינטשאַפט, וואָס קאָן דאָך נישט דערקלערט ווערן נאָר מיט דעם איינגעזאַפּטן אַנטיסעמיטיזם פון פאַר דער מלחמה! עס זענען דאָך שוין איצט כמעט קיין יידן נישטאָ! איר קענט דאָך דורכרייזן אַמאָל הונדערט מייל דורך שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען אַמאָל געדיכט געווען באַפעלקערט דורך יידן, און איר וועט אַפילו קיין איינעם נישט געפינען.

אָבער ביים טעמפּן גוי, פאַרביטערט דורך זיינע אייגענע צרות, רופט יעדער לעבעדיקער ייד, אָדער אַפילו אַ געשפּרעך וועגן אים, אַרויס דעם

געדאנק, אז ער האָט נישט באַוויזן אָפּצונעמען פאַר אים די פּאָר פונט צוקער, וועלכן די נאַציס האָבן אין זיין צייט פאַרגעלייגט. דער לעבעדיקער „זשיד" האָט ווי אָפּגענאַרט, ווי צוגעראַבעוועט ביים גוי נעבעך אַ כשר פאַרדינטע צוקער־פּרעמיע...

ווען מען האָט זיך אין וואַרשע דערוווּסט, אַז איך בין געקומען צו־פאָרן, האָבן זיך ביי מיר שוין פון סאַמע פרימאָרגן אָנגעהויבן צו ווייזן געסט, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. די טיר פלעגט זיך נישט פאַרמאַכן. אין די קאָרידאָרן פלעגן באַזוכער וואַרטן שעהנלאַנג, ווי ביי אַ „גוטן יידן" אָדער ביי אַ דאָקטער.

די איינציקע זאַך, וואָס מ'האָט ביי מיר געפאָדערט, איז געווען, איך זאָל זיי העלפן אַרויספאָרן פון פוילן, איך זאָל אויסגעפינען קרובים אין דער וועלט, וואָס זאָלן שיקן פּאַפּירן, יעדער האָט געהאַט צו דערציילן זיין וואונדערבאַרע מעשה, ווי אַזוי מ'איז ניצול געוואָרן פון טויט. די שרעקן־געשיכטעס פון עדגאַר פּאָ זענען קינדער־מעשהלעך אַנטקעגן די ליידן און ציווילאַזישער דערפינדערישקייט פון די יעגער און פון די קרבנות.

אָט זיצט פאַר מיר יחיאל ראָזנשטיין, אַמאָל פון נאָווי־דוואָר, שפּע־טער דער אייגנטימער פון גרעסטן געשעפט פון כירורגיע־אינסטרומענטן אין וואַרשע.

מיר האָבן זיך נאָך געקענט אַלס יונגע בחורימלעך, ווען איך האָב געדינט אין מיליטער אין מאָדלינער פעסטונג. עס האָט זיך מיר דאַן גע־דוכט, אַז ראָזנשטיין איז אַ רייכער זונדל, וועלכן די ערשטע רעדער פון ווירקלעכן לעבן וועלן לייכט צערייבן. אָבער הערט, וואָס ער דערציילט:

„ווען די געטאָ האָט געברענט, האָב איך, מיין פרוי און מיין 20־יאָ־ריקער זון אַרויסגעקראָכן זיך פונעם פייער און זיך אַ לאָז־געטאָן צום פאָר־שטאָט זשאָליבאָזש, וווּ איך האָב פאַרמאָגט אַ הויז. דאָרט האָט געוווינט מיין סטרוזש" מיט זיין ווייב. זיי האָבן אונדז באַגעגנט זייער פריינטלעך און נישט געוואָלט אַריינלאָזן, זאָגנדיק, אַז דער דייטש וועט זיי אַליין טויטן, אויב מען וועט זיך דערוויסן, אַז זיי באַהאַלטן אויס יידן. דאָס איז געווען אמת. איך האָב דעריבער באַשלאָסן זיי איבערקויפן און צוגעזאָגט, אַז פאַר יעדן חודש, וואָס זיי וועלן אונדז אויסהאַלטן, וועלן מיר באַצאָלן מיט אַ בריליאַנט: איך האָב געהאַט אַ זעקעלע מיט דימענטן אויפן האַלדז און באַ־

שטימט, אז מיט דעם וועל איך אויסקויפן דאָס לעבן פון מיין פאַמיליע.

דאָס האָט געווירקט. מיר האָבן געפונען, אז דער בעסטער מיטל וועט זיין, ווען מיר וועלן זיך לאָזן פאַרמויערן אין א טאָפּלטער וואנט אין קע־לער פון מיין אייגן הויז. און אזוי האָבן מיר געטון. מיר האָבן 22 חדשים געוווינט צווישן די דריי פוס פון די פאַרמויערטע ווענט. מיר פלעגן דורך ארויסגענומענע צוויי ציגל באַקומען אביסל ברויט און וואסער.

מיין זון האָט מער ווי פינף מאָנאטן נישט אויסגעהאלטן.

— טאַטע — האָט ער מיך געמאַטערט — איך קאָן זיך נישט לאָזן פאַרמויערן צו צוואַנציק יאָר... איך מוז ארויסגיין אין גאַס, און איך מוז זיך נוקם זיין...

מיר האָבן געמוזט נאָכגעבן זיינע תחנונים. ער איז ארויס און מער האָבן מיר אים שוין נישט געזען. שפּעטער האָט מיר מיין „סטרוזש" דער־ציילט, אַז ווי נאָר מיין זון האָט דערזען דעם ערשטן דייטש, האָט ער זיך אויף אים געוואָרפן שטיקן און גלייך דערשאָסן געוואָרן...

מיר אָבער האָבן די ליכטיקע שיין נישט געזען די גאַנצע 22 חדשים. מיר האָבן נישט נאָר אָוועקגעגעבן אונדזערע אַלע דימענטן, נאָר אַפילו אונדזערע קליידער אויך. צו וואָס דאַרפן פאַרמויערטע יידן קליידער?... מיר זענען באַוואַקסן געוואָרן מיט שמוץ, די גאַנצע צייט זיך נישט גע־וואַשן; מיר זענען צעפרעסן געוואָרן פון לייז, וועלכע האָבן אונדז געדריקט באַדעקט. אַלץ איבערגעטראָגן ביז וואַרשע איז באַפרייט געוואָרן. ארויס פון די ווענט, האָבן מיר זיך נישט געקאַנט רירן אויף אונדזערע פיס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעוווינט פון גיין. דער „סטרוזש" מיט זיין ווייב זענען אַנטלאָפן, מורא האָבנדיק, אַז מיר וועלן זיי איבערגעבן צו דער רויטער אַרמיי, וועלכע איז אריין אין שטאָט.

זענען מיר געבליבן ליגן אויפן גאַס און אויסגעשטרעקט די הענט נאָך א שטיקל ברויט. באַרעמהאַרציקע סאָלדאַטן האָבן אונדז אַוועקגעפירט אויף א וואָגן אין א שפּיטאָל, ווו מיר זענען אביסל צו זיך געקומען. מיר קאָנען דאָ מער נישט אָטעמען מיט דער לופט פון דעם פאַרפלוכטן לאַנד. איר ווייסט: איך פאַרמאָג דאָ אין וואַרשע הייזער; איך פאַרמאָג אַפילו גענוג געלט, כדי צו פירן א בכבודיק לעבן. איך וויל דאָס אָבער נישט מער. עס גייט מיר נאָך דער שאָטן פון מיין יונגן זון, וועלכער האָט זיך נישט גע־

וואָלט לאָזן פאַרמויערן... איך קאָן אויך נישט אָנקוקן מער מיינע שכנים אַרום, פאַר וועלכע איך האָב מער מורא געהאַט ווי פאַר די נאַציס. און אויך איצט רוף איך זיך גאָר איזשיקאָווסקי, ווייל מיין נאָמען ראָזנשטיין איז ווי אַן אַרויסרוף צו די גויים: ס׳טייטש, היטלער האָט זיי אָפּגענאַרט! צוגעזאָגט פאַרניכטן אַלע יידן און איצט דרייט זיך דאָ גאָר אַרום אַ נע־בעכדיקער ייד, אַ ראָזנשטיין...

:: :: ::

און אָט איז די הויכע, בלאָנדע, פאַרחלומטע פרוי לודוויקאַ מאַלדאַ־ווער. זי איז געווען די שוועגערין פון באַרימטן אין ניו־יאָרק מאַלער מענ־קעס. זי איז געקומען צו מיר רעדן וועגן „אַפידייוויט״ קיין אַמעריקע, אָבער אגב אורחא דערציילט זי אַ געשיכטע, וועלכע איז ווערט אַריינגע־שטעלט צו ווערן אין יעדן טעקסט־בוך פון קלאַסישער ליטעראַטור, אין יעדן שול־בוך פאַר קינדער. דאָס איז אַ דערציילונג וועגן מענטש און חיה און וועגן דעם, אַז אַ מענטש איז נאָך ערגער ווי אַ חיה...

זי, לודוויקאַ מאַלדאַווער, איז אַריינגעטריבן געוואָרן פון לעמבערגער געטאָ אין דער פאָרשטאָט יאַנקאָווקע, צוזאַמען מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע גאַליציאַנער יידן. מען האָט איר געגעבן אַרבעט אַלס אַ דינסט אין קיך.

אין יאַנאָווקע זענען דורך די וועכטער געהאָדעוועט געוואָרן יענע באַרימטע בלוט־הינט, וועלכע זענען געווען ספּעציעל טרענירט אין אָניאָגן און צערייסן אויף שטיקער די אומגליקלעכע ברידער אונדזערע, וואָס האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן פון געטאָ.

די הינט זענען געווען פון גרויסן ווּקס, און ווען זיי פלעגן זיך שטעלן אויף די לאַפּעס, פלעגן זיי זיין מיט אַ קאָפּ העכער, ווי דער דורכשניט־לעכער מענטש.

מער ווי אַליץ האָט אַ ייד מורא געהאַט אַריינפאַלן צווישן די דאָזיקע ווילדע הינט, ווייל זיי פלעגן ביסן און צערייסן אים אויף שטיקער און אפילו די ביינער שפּעטער צעגריזשען.

און כאָטש די שרעקלעכע בלוט־הינט האָבן געהאַט גענוג צו פרעסן,

פלעגן זיי דאָך זיך דרייען אַרום דער קיך פון געטאָ, ווו פרוי מאָלדאַווער האָט זיי צוגעוואָרפן דאָס ביסל אָפּפאַל פון עסנוואַרג.

זי איז געווען די איינציקע, פאַר וועלכע די הינט האָבן געהאַט דרך־ארץ און אַפילו געלעקט אירע הענט אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער אַרויסגעוויזענער „אויפמערקזאַמקייט”.

און אַזוי האָט געדויערט חדשים־לאַנג די שטילע „סימפּאַטיע” צווישן אַ יידישער טאָכטער און נאַצישע הינט, וועלכע מענטשן האָבן פאַרוואַנדלט אין ערגערע באַשעפענישן, ווי די נאַטור אַליין האָט זיי ביאָלאָגיש אויס־געפורעמט.

ביז ס'איז געקומען אין פרילינג 1943 די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון דער געטאָ אין יאַנאָווקע, נעבן לעמבערג.

די יידן זענען גרופּעסווייז אוועקגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון אָשוויענטשים. ס'איז געווען שווער אַנטרונען צו ווערן פון טויט. די איינצלנע געוואַגטע, וועלכע האָבן מיט גרויס מי זיך אַרויסבאַקומען פון צווישן די עלעקטריזירטע דראָטן אַרום יאַנאָווקער לאַגער, פלעגן געבראַכט ווערן דורך די בלוט־הינט... די ווילדע געשרייען פון די צעריסענע האָבן זיך צונויפגעמישט מיטן ווילדן געלעכטער פון די אוקראַאינישע וועכטער, פאַר וועמען די סצענע, ווי די הינט כאַפּן דעם אַנטלויפנדיקן יידן, איז געווען דער לאַנג דערוואַרטער זיסער ספּעקטאַקל.

אָבער לודוויקאַ מאָלדאַווער איז דאָך אַנטלאָפן. פאַר איר איז געווען גענוג דורכצוגיין די עלעקטרישע דראָטן. פאַר די בלוט־הינט האָט זי קיין מורא נישט געהאַט.

אָבער נאָר דריי טעג האָט זי זיך געקענט אויסבאַהאַלטן אין לעמ־בערג צווישן גויים. אַן אַמאָליקער שכן האָט זי דערקענט, געמסרט, און אַמ פירט זי שוין די אוקראַאינישע פּאָליציי צוריק קיין יאַנאָווקע: איר שטראָף איז שוין פאַראויסגעזען: זי דאַרף געוואָרפן ווערן צו די בלוט־הינט און דורך זיי צעריסן ווערן. וואָס פאַראַ מילדערע שטראָף קאָן אַ יידישקע דערוואַרטן, ווען זי וואַגט צו אַנטלויפן פון געטאָ אויף דער אַרי־שער זייט?

און אָט פירט מען זי צו די דראָטן: מען לאָזט זי אַליין גיין און פון יענער זייט, פון געטאָ־לאַגער אַרויס, ווערן אָנגערייצט די הינט, זיי שפּרינ־

גען אַנטקעגן, צוויי בלוטיקע געלע חיות, מיט אַרויסגעשטעקטע צונגען און רויטע פון רציחה אויגן.

פון ווייטן שטייען צוויי נאַצי־אָפיצירן, די הויפּט־אויפזעער פון יאַ־נאָווקער געטאָ. הינטער זיי אַ גרופּע קנעכטישע אוקראַינער, וועמען עס איז נעגעבן געוואָרן די פּריווילעגיע צו טאָן די שמוציקע אַרבעט...

באַלד, באַלד וועט די בלאָנדע לודוויקאַ מאָלדאַוווער אַרומגעכאַפּט ווערן דורך די הינטישע לאַפּעס; איר בלוט וועט נאָך מער צעיושען די הינט און זיי וועלן לעבעדיקע שטיקער פון איר רייסן... אָט באַלד וועלן כאַדיסטן און קנעכט זיך קוויקן מיטן אוממענטשלעכן געשריי פון אַ צאַפּל־דיק־פאַרפּייניקטער יידישער טאָכטער...

אָבער, קוקט נאָר אָן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען! די הינט רייסן גאָר נישט, בייסן נישט זייער געשענקטן קרבן: זיי נעמען זי אַרום מיט די לאַפּעס, לייגן זיך צו אירע פיס און לעקן אירע הענט...

אָ, די הינט, אַפילו בלוט־הינט, געדענקען, ווען מען האָט זיי גוטס געטאָן, וואַרעם באַהאַנדלט...

זאָלן נאָר די מ ע נ ט ש ן נישט הענצן! עס עקזיסטירט דאָך נאָך אַ הינטישער געוויסן אויף דער וועלט! הינט וועלן גלאַט אַזוי זיך נישט וואַרפן אויף עמיצן, אויב נאָר מען העצט זיי נישט און מען רייצט זיי נישט...

די נאַצי־אָפיצירן האָבן זיך די ערשטע אויפגעכאַפּט פון דערשטוינונג: אַ וווּנדער קומט דאָ פאָר, אַ לעבעדיקער וווּנדער פאַר זייערע אויגן. זיי געדענקען נישט, פאַרשטייט זיך, אַז לודוויקאַ מאָלדאַוווער איז געווען אַ קעכין און דעמאָלט איז פאַרקניפּט געוואָרן איר פריינטשאַפט מיט די הינט. זיי זעען נאָר דעם נס! „לאָזט זי גיין אין שטאָט צוריק, זי איז אַ מכשפה! מיר דאַרפן נישט אַזעלכע אין לאַגער"...

און די בלאָנדע „מכשפה" איז טאַקע אַוועק, ווייט אַוועק, אַזש קיין וואַרשע.

איצט איז זי ביי מיר אין צימער און דערציילט די געשיכטע, אפשר נישט פילנדיק, אַז אין דער מעשה מיט די בלוט־הינט שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע היסטאָריע פון אונדזער יאָרהונדערט, אַז שוין אַמאָל, גאָר אַמאָל,

האָט אַ גרויסער יידישער נביא, מיסטישער העלזעער דניאל, אַן ענלעכע איבערלעבונג געהאַט.

:: :: ::

אין האַלב־טונקל פון מיין צימער זיץ איך אַזוי ווי פאַרחלשט נאָכן אויסהערן אַ גאַנצן טאָג יעדן מיט זיין טרויער, יעדן מיט זיין נס.

דורכן פענצטער זע איך די רואינען פון הויפּט־וואָקזאַל, די גאַנצע צע־שמעטערטע מאַרשאַלקאָווסקאַ, די ווייסע ביימער פון זאַקסישן גאָרטן, און עס דוכט זיך מיר, אַז איבער דער פאַרגייענדיקער זון באַווייזט זיך אַ האַנט פון בלויען פייער און צייכנט אויפן הימל: „מנה, מנה, תקל ופרסין!...

VI

# טראַגישע פיגורן

ווען איך שרייב איצט די דאָזיקע שורות ווייט־ווייט פון פוילן, פון די חורבות דאָרטן, פון די קוימענס און קרעמאַטאָריעס, פון דער לופט, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אַש פון מיינע נאָענטע — פאַרמאַך איך אויף אַ ווייל די אויגן, קאָנצענטריר זיך אינגאַנצן אויפן טראַגישן לאַנד ביי דער ווייסל און בילדער מאָלן זיך אָפּ: באַגעגענישן, מענטשן אַזעלכע לעבעדיקע, אומפאַרגעסלעכע...

איצט זיץ איך אין אַ האָטעל־צימער אין באָגאָטאַ, די הויפּט־שטאָט פון קאָלאָמביע, אַרום ניין טויזנט פוס הויך, אַזוי הויך, אַז דער אָטעם ווערט פאַרכאַפּט ביי יעדן גיי־אָנגעקומענעם באַזוכער. אַ גאַנצן טאָג קומען און גייען אַרויס פון מיין צימער יידן פון פוילן, פון רוסלאַנד, פון רומעניע, פון דייטשלאַנד. זיי ווילן וויסן, וואָס פאַרא גרוסן איך האָב געבראַכט פון די אייראָפּעאישע טרערן־פלעצער, וועלכע איך האָב באַזוכט. זיי האָבן קיין געדולד נישט צו וואַרטן אויף דער מאָרגנדיקער פאַרזאַמלונג, ווו איך וועל אַלץ מיטאַמאָל דערציילן.

זיי קומען צו מיר אין אייגענע אויטאָמאָבילן, אַלע גאַסטפריינטלעכע, פאַרלאַנגען זיי, איך זאָל מיט זיי עסן אָנבייסן, עסן מיטיק, טרינקען ווײַן; אַ סך אַזעלכע מיטיקן ווערן מיר פאָרגעלייגט יעדן טאָג. מען קען דאָס גאָרנישט פאַרדייען.

קומען אָבער שעהן, ווען איך בלייב אַליין אין מיין צימער. פאַרמאַך

איך די אויגן און זע זיך אין אַן אַנדער האָטעל־צימער — אין וואַרשע. אויך דאָרט קומען און גייען אַרויס באַזוכער אַ גאַנצן טאָג, אָבער ווי אַנדערש זענען זיי מיט זייער קליידונג, מיט זייער אויסזען און מיט זייערע אינטערעסן פון די, וואָס קומען צו מיר אין גליקלעכן באָגאָטאַ. עס גייט אַריין אין מיין וואַרשעווער צימער אַ ייד מיט טיף־פאַרשטעקטע אויגן אויף אַ פּנים פון ערד־קאָליר. אַ שוואַרץ־גרוי בערדל רינגלט ארום ווי אַ רעמל אַ פאַרחושכטן, פאַרצוקטן מיט דאגות געזיכט פון אַ דערשראָקענעם לעבנגעבליבענעם יידן אין פּוילן. ער אָטעמט שווער און שטאַמלט עפּעס. איך זאָג צו אים:

— זעצט זיך, ר' ייד, רוט זיך אָפּ, דערנאָך וועט איר דערציילן...

אָבער מיין גאַסט וואַרט נישט, רעדט אָפּגעהאַקט, נערוועז, דערנאָך אָבער שוין מער רואיק:

— איר דערקענט מיך נישט? נו, יאָ! פון וואַנען זאָלט איר מיך געדענקען? איר האָט דאָך פיל וויכטיקערע זאַכן אויפן קאָפּ... איך בין הערשל ראַבינאָוויטש פון סטאַנציע לאַפּי, נעבן ביאַליסטאָק, מיין ווייב איז געווען יאָכע, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט ביי אייער זיידן ר' לייזער ליפשיץ. דאָס בין איך געווען דער „שמאַלץ־גרוב", פאַר וועלכן יאָכע איז אַ כּלה געוואָרן. אייער זיידע האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעגעבן פאַר אירן אַ פעטער, כּדי מיר זאָל אָנשטיין דער שידוך. אונדזערע פאַמיליע־מענטשן זענען געווען פאַכטערס ביים לאַפּער פּריץ. מיר האָבן אויך געהאַט אַ שטיקל אייגן פעלד, אַ וועלדל דערביי, קי, הינער, קעלבלעך... מילך און האָניק האָט ביי אונדז גערונען, ווי געזאָגט, אַ שמאַלץ־גרוב, און אַזוי האָבן מיר געלעבט דאָס ביסל יאָרן, אַ יידישן שטאַט געפירט; פאַר קינדער מלמדים אַראָפּגעבראַכט; דער מנין שבת און יום־טוב איז ביי מיר אין הויז געווען... דערנאָך זענען די זין אויסגעוואַקסן, האָט מען זיי מיט כּשרע יידישע טעכטער חתונה געמאַכט, גאָט צו דאַנקען, עס האָט פאַר אַלעמען געסטייעט. עס איז צוגעקומען פעלד, וואַלד און תבואה אין די שפּייכלערס.

אָבער ווען דער „ימח־שמוניק" האָט פאַרנומען אונדזער געגנט, איז אַלץ פאַרפינצטערט געוואָרן. מיין ווייב יאָכע, מיין טרייע לעבנסבאַגלייטערין, האָב איך באַהאַלטן ביי אַ פּויערישער פאַמיליע, מיט וועלכער מיינע עלטערן זענען געווען באַפריינדעט. מיין יינגסטע טאָכטער, נאָך דאַן אַ

קינד פון א יאָר 15, האָב איך אוועקגעגעבן צו אן אנדער גויאישן שכן. זי איז געווען א בלאָנד קינד, געוווינט געווען צו א פויערישער סביבה און נישט געדאַרפט מורא האָבן.

איך אַליין האָב אויסגעגראָבן א גרוב אין מיין שפייכלער, אַראָפּגע־טראָגן דאָרט פעסער מיט קרויט, מיט אוגערקעס, מיט אַביסל מעל און זיך פאַרלאָזן אויפן רבונו של עולם, אַז ער וועט זיין טרייען קנעכט נישט פאַרלאָזן און נאָך אַמאָל אויף דער ליכטיקער שיין ארויסברענגען.

מיינע זין און זייערע פאַמיליעס זענען אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. געמיינט, אַז צווישן א גרויסער עדה יידן וועט מען אויך נישט פאַרפאַלן ווערן.

נו, מילא, קיינער פון זיי איז צוריק שוין נישט געקומען. דערשטיקט געוואָרן אין טרעבלינקע בתוך כל קהל עדת ישראל...

מיין טייער ווייב יאָכע? דער פויער, וואָס האָט זי באַהאַלטן, האָט פאַמעלעך ארויסגעקראָגן פון איר דאָס ביסל פאַרשטעקטע געלט, דאָס זייגערל מיטן גאָלדענעם קייטל, די רינגען און גאָר צום לעצטן מיין חתונה־מתנה, דעם שנור פערל. דערנאָך האָט ער גענומען א האַק, אריין אין שטאַל, ווו זי האָט געוווינט, און פשוטו כמשמעו, צעהאַקט זי אויף שטיקלעך, באַגראָבנדיק זי טאַקע דאָ אין דער פאַרבלוטיקטער ערד.

ווען די רוסן האָבן אונדז באַפרייט און איך בין ארויס פון מיין גרוב, און גלייך געלאָפן צום גזלן מאָנען מיין ווייב, איז שוין לאַנג געווען נאָך אַלעמען... ווען איך האָב געמאַכט א געוואַלד און רוסישע סאָלדאַטן האָבן גענומען דעם מערדער אויפן צימבל, שלאָגנדיק ביז בלוט אויף זיין טריפה־נעם פיסק, האָט ער אַלץ ארויסגעזונגען:

„באשר בכן ער האָט מורא געהאַט, אַז די דייטשן וועלן געפינען ביי אים די „יידישקע", וועט מען אים און זיין פאַמיליע טויטן, האָט ער דע־ריבער אַליין זיך מקדים געווען... ער האָט טאַקע צוגענומען דאָס זייגערל און דעם שנור פערל, ווייל צו וואָס זאָל דאָס אריינפאַלן אין נאַצישע הענט?... ער האָט דאָס איצט מער נישט, ווייל ער האָט עס געמוזט פאַר־קויפן, כדי צו עסן... אָבער ווו מיין פרוי איז באַגראָבן געוואָרן, קען ער תיכף אָנווייזן. אפשר וויל איך זי ברענגען אויפן יידישן בית־עולם?...

מילא, וואָס האָב איך שוין געהאַט פון דעם, וואָס מען האָט דעם קין דערשאָסן?

געבליבן איז נאָך מיין איינציק קינד, וואָס האָט זיך גראָד געפונען ביי אַזעלכע גויים, וועלכע האָבן זי נישט אויסגעגעבן, כאָטש שכנים אַרום האָבן געמורמלט, אַז דאָס פרעמדע מיידל, וואָס אַרבעט ביים פויער, איז אַ יידישע, אַז זי וועט נאָך אָן אומגליק אַראָפּברענגען אויף דעם גאַנצן געגנט...

נו, האָב איך אין משך פון לעצטן יאָר ווי עס איז אָנגעהויבן ווידער אָפּבויען מיין לעבן: אַריין אין מיין פריערדיק הויז, גענומען באַקן ברויט און פאַרקויפן צו פּויערים. דערווייל איז אַראָפּגעקומען פון רוסלאַנד קיין לאָפּי אַ זון פון אַ שכן, וואָס האָט געדינט אין רוסישן מיליטער. ער איז געקומען זוכן טאַטע־מאַמע און, פאַרשטייט זיך, נישט געפונען. האָב איך אים אַריינגענומען צו זיך אין הויז. אַ פיין באַלעבאַטיש קינד איז ער געווען, האָב איך גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, ווען מיין טאָכטער און ער האָבן זיך ליב באַקומען און חתן־כלה געוואָרן.

יענע וואָך האָבן זיי באַשלאָסן חתונה־האָבן, אָבער ווי עס פירט זיך היינט ביי פרומע יידן אין פּוילן, פאָרט מען חופּה־שטעלן קיין לאָדזש, וווּ עס איז פאַראַן אַ מקווה, אַ בית־דין־שטיבל, אַלץ כדין וכדת. נישט ביאַליסטאָק און נישט אַפילו וואַרשע פאַרמאָגן שוין אַ מקווה.

נעם איך מיין פּאָרל, פּאַק איין אַ קאָרב מיט דעם ביסל איבערגעבליבענע זאַכן, מען זעצט זיך אַרויף אויפן צוג און מען פאָרט שוין מיט מזל קיין לאָדזש, דורך וואַרשע.

אָבער מיר זענען אָפּגעפאָרן נאָר דריי סטאַנציעס ביז מאַלקין, און שאַ! באַנדיטן זענען באַפאַלן דעם צוג. מען שיסט, מען שרייט: „די הענט אין דער הויך!" עס איז פינצטער אין דעם טאָוואַרנע (סחורה)־וואַגאָן. מיך וואָלטן זיי דאָך גלייך דערקענט, אַז איך בין אַ ייד. דער חתן פון מיין טאָכטער, וועלכער טראָגט נאָך אַ רוסישן שינעל, קריגט געשלאָגן און פאַלט אין אַ קאַלוזשע בלוט. דעם קאָרב מיט די זאַכן נעמט מען צו און ביז עס איז אָנגעקומען רעגירונגס־מיליטער, איז שוין קיין שפּור פון די אָנפאַלער נישט געבליבן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָבן מיר גלייך מיין חתן־

בחור אוועקגעפירט אין יידישן קאָמיטעט אויף שעראָקע גאַס, ווו מען האָט אים פאַרבאַנדאַזשירט. דאָרט האָט מען מיר טאַקע געזאָגט, אַז איר זענט דאָ אין שטאָט און ווו איר וווינט. האָב איך מיר געקלערט: ר' לייזערס אייניקל, איר זענט דאָך אַלס קינד געווען אויף מיין חתונה וועט מיך נישט פאַרלאָזן, וועט מיר העלפן, מיר זאָלן פונדעסטוועגן דערפאָרן קיין לאָדזש און דאָרט חופה שטעלן...

דער ייד האַקט־אָפּ און קוקט מיך אָן, פרעגנדיק מיט די אויגן. אַ גאַנצן שטראָם פון מיטגעפיל רופט אין מיר ארויס אָט דער דאָזיקער ר' הערש פון לאַפּי; עס דוכט זיך מיר, אַז דער גאַנצער יידישער גלות, אונדזער ביטערער מזל האָט זיך קאָנצענטרירט אין דעם פאַרהושכטן פּנים פון דעם דאָרפישן ר' הערש דעם „גליקלעכן" אייגנטימער פון אַ קלאַסיש־יידישן „שמאַלץ־גרוב", פון וועלכן דאָס שמאַלץ איז שוין לאַנג אויסגע־רונען און געבליבן איז די גרוב, טאַקע בוכשטעבלעך די גרוב אין שטאַל, אין וועלכער ער האָט זיך געראַטעוועט.

אַז דער ייד איז הונגעריק, קען מען זען פון זיין שלינגען דאָס שפּיי־עכץ, קוקנדיק אויף ברויט מיט פּוטער, וועלכן מען האָט מיר אַריינגע־בראַכט פון האָטעל־רעסטאָראַן. פריער פון אַלץ בייסן מיר איבער, דערנאָך עפן איך אויף די שאַפע, אין וועלכער עס הענגט מיין ציווילער פּאַלטאָ, מיין אַנצוג; עס ליגן דאָרט אייניקע העמדער און אַנדערע קליייניקייטן.

איך זאָג נאַטירלעך און פּשוט:

— נעמט דאָס אַלץ, ר' הערש, מאַכט אַ פּעקל, איך דאַרף דאָך דאָס גאָרנישט...

פילט מיין גאַסט, אַז איך מיין דאָס טאַקע, נעמט ער צו דאָס ביסל „חמץ" פון מיין שאַפע. ווייזט אויס, אַז ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס איך טראַכט דערביי: „אייגנטלעך איז דאָך דער ייד מ י ר מזכה מיט אַ גרויסער מצווה... איז דען פאַראַן אַ פרייז, וואָס איך קאָן באַצאָלן פאַרן פונק פון פרייד, וואָס איך האָב ארויסגערופן ביי אַ פאַרפייניקטן יידן, וועלכן דער שיקזאַל פאַרפאָלגט נאָך אַפילו אין חופה־טאָג פון זיין איינ־ציק פאַרבליבן קינד?"

:: :: ::

איך עפן די אויגן און זע זיך ווידער אין לוקסוס־האָטעל „גראַנאַדאַ" אין די בערג פון קאָלאָמביע. אַ פאַרגייענדיקע טראָפּישע זון באַגיסט מיט אולטראַ־ווייאָלעט־שטראַלן די אַווענידאַ, וועלכע ווימלט מיט זאָרגלאָזע פיין־געקליידעטע קאָלאָמביאַנער, וואָס ווייסן גאָרנישט, גלויבן גאָרנישט, אַז מען האָט אין די טאָלן פון פוילן פאַרברענט זעקס מיליאָן אייביקן פאָלק ישראל. האַרט נעבן מיין פענצטער רופן תפילה טון די גלאָקן פון אַלטן קלויסטער, וועלכער געדענקט נאָך די צייטן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

איך רייס־איבער אויף אַ ווייל דאָס שרייבן, ווייל עס קומען אַריין צו מיר אין צימער דער רוסיש־געבוירענער און שווייצאַריש־דערצויגענער קאַווע־פּלאַנטאַטאָר דזשאָרזש מיטאָנעק מיט זיין עלעגאַנטער פרוי פּאָר־לינע, די פירערין פון „עזרה". זיי ווייזן מיר די געדרוקטע קאַרטע אויף טייערן פּאַפּיר, ווו עס ווערט געבעטן, מען זאָל קומען אויף אַ „קאָקטייל־פּאַרטי" אין זייער הויז צוליב מיין וויזיקייט וועגן.

איך קען זייער הויז. עס איז געבויט אין פאָרם פון אַן אַלטן שלאָס, פון וועלכן עס עפנט זיך אַ וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמע אויף משופּעדיקע בערג, באַוואַקסן מיט עאוקאַליפּטוס־ביימער.

אויף דער „פּאַרטי" וועלן זיין פיל רייכע דאַמען און הערן. אַמאָליקע פּאָלקס־מענטשן אין די שטעטלעך פון פוילן, בעסאַראַביע, אוקראַינע... און איך וועל דאָס דאַרפן דערציילן וועגן יענעם דאָרף־ייד ר' הערש פון לאַפּי און זיין צעשניטענער ווייב יאַכע...

ווו נעמט מען כוח און בלייבן טריי צו זיך אַליין אין דער אויסטער־לישער שפּיל פון קאָנטראַסטן?...

:: :: ::

ווידער בין איך אַליין אין צימער. די גלאָקן הערן נישט אויף צו קלינגען, אַזוי ווי ערגעץ־ווו וואָלט זיך געצויגן אַ לאַנגע לוויה...

איך פאַרמאַך די אויגן און טראָג זיך לייכט אַריבער קיין וואַרשע, אין מיין צימער פון האָטעל „פּאָלאָניאַ".

איצט איז אַריין צו מיר יעקב פאַבריצקי, פון שטעטל קאָלנע, וואָס

האָט געלעבט אין ביאַליסטאָקער געטאָ. ער איז גענומען געוואָרן צוזאַמען מיט אַלעמען קיין טרעבלינקע, אָבער אַרויסגעשפּרונגען פון צוג און זיך אָנגעשלאָסן אָן די פּאַרטיזאַנען, אין די וועלדער צווישן ביעלסק און בריאַנסק.

דאָס זענען געווען יענע גרופּן, וועלכע האָבן געשאַפן אַן אייגענעם „יידישן פראָנט" אין משך פון אַ גאַנצן יאָר, ביז די רוסן האָבן באַפרייט יענעם טייל פון פוילן.

שפּעטער איז יעקב פאַבריצקי, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען דעם חורבן ביאַליסטאָק, געוואָרן דער היסטאָריקער פון די שרעק־לעכע טעג, ווען די גרויסע עדה איז אויסגעראָטן געוואָרן.

איצט פאָרט ער אַוועק פון פוילן, כדי אונטער נייע הימלען זיין לעבן אָנהייבן בויען.

איך הער אויס מיט ערפורכט אייניקע עפּיזאָדן פון פעברואַר 1943־סטן יאָר, ווען אַרום צען טויזנט יידן זענען אַוועקגענומען געוואָרן קיין טרעבלינקע, צווישן זיי די גרויסע לומדים, די רבנים, די דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ און מער ווי טויזנט זענען געפאַלן טויטע אין די גאַסן פון ביאַליסטאָק...

„איר געדענקט יודל פוקסמאַן, אַ פּשוטער ייד געווען, געוווינט אויף פּאָלנע־גאַס נומער 17. ווען די דייטשע פּאָליציי איז אים געקומען נעמען, האָט ער זיך געוואָרפן אויף זיי מיט די פויסטן, שרייענדיק: „פון דעם אָרט וועל איך זיך נישט רירן! איר, הינט, האָט דעם קריג שוין פאַרשפּילט! אַ מערדער־פאָלק זענט איר!" — מען האָט אים דערשאָסן, ווען זיינע פינגער זענען געווען ספּאַזמיש אַריינגעקוועטשט אין האַלדז פון אַ דער־שטיקטן געשטאַפּאָ־זעלנער.

„אָדער נעמט פישל מאַלמעד. ער האָט געאַרבעט אין פאַבריק פון דייטש סטעפאַן אויף גומיענער גאַס. געוווינט האָט ער מיט ווייב און קינ־דער אין אַ הילצערנער הייזקע נעבן פאַבריק. ווען בעת דער „אַקציע" האָבן אין זיין וווינונג אָנגעקלאַפּט די „כאַפּערס", האָט זיך פישל פאַרשטעקט הינטער אַ טיר, דורכגעלאָזן די יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס זענען אַריין די ערשטע, און נאָכדעם אַ פליוך־געטון פון אַ פלעשל זויער־זאַלץ אין די אויגן פון געשטאַפּאָניק, וואָס איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן. דער רשע האָט

געריטשעט פון ווייטיק. די אויגן זענען אים אויסגעברענט געוואָרן. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ס'איז דאָ געשען, האָט ער פון צעטומלעניש אָנגעהויבן שיסן אויף די איבעריקע קאָלעגן זיינע, וואָס האָבן זיך געפונען אין גאַס. זיי זענען אָנגעלאָפן אין שטוב, אָבער מאַלמער האָט פארשטעקטערהייט ווייטער געגאָסן דעם זויער־זאַלץ, צילנדיק דירעקט אין די אויגן... מען האָט אים ענדלעך געכאַפּט, ארויסגעפירט אינמיטן גאַס און צוגעפירט צום גאַסן־לאָמפּ, כדי עפנטלעך אויפצוהענגען. פריער אָבער האָט מען פון שטוב ארויסגעשלעפּט זיין פרוי און קינדער און דערשאָסן פאַר זיינע אויגן. דערנאָך האָט מען געוואָרפן די פּעטליע אויף זיין האַלדז. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „איר, מערדער, וועט אונדז נישט אָנשרעקן! זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק! זאָל לעבן רוסלאַנד!"

די גאַס איז דאַן פול געווען מיט יידן, וועלכע מען האָט כסדר ארויסגעפירט פון די הייזער און אויסגעשטעלט אין רייען, כדי אָפּצופירן זיי קיין טרעבלינקע. און דאָ האָט זיך ארויסגעריסן פון המון די מיטגלידערין פון „השומר הצעיר", פרידע פעלד, און געוואָרפן אַ באָמבע, וועלכע האָט געפלאַצט צווישן דער פאַרזאַמלטער גרופּע דייטשע שטורמיסטן. קערפּערס זענען צעריסן געוואָרן... עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַנישע שיסעריי, פון וועלכער הונדערטער טויטע יידן זענען צעוואָרפן געוואָרן אויפן גאַס. דאָס איז געווען אַ חסד־טויט דאַן, שטאַרבן פון אַ קויל און נישט דורכמאַכן דעם וואַנדער־וועג צו די גאַז־קאַמערן"...

:: :: ::

מיט פאַרמאַכטע אויגן לעב איך דורך, ווי אין אַ פיבער, יענע טעג אין מיין היים־שטאָט, ווען צווישן פשוטע יידן האָבן זיך פּלוצלינג אַנטדעקט די למד־וו'ניקעס, וועלכע האָבן געראַטעוועט דעם כבוד פון פאָלק ישראל...

אָבער אָט קלאַפּט מען ווידער אין טיר פון מיין צימער. דאָס מאָל אין האָטעל „גראַנאַדאַ" אין גליקלעכן באָגאָטאַ, קאָלאָמביע.

עס קומען אריין ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט: דער פּלאַמענדיקער ציוניסט כאַקאָבאָ אָווערבוך. די ליבע ביבליאָוויטש־פאַמיליע.

זיי קאָנען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס עפּעס זיץ איך אַ גאַנצן טאָג אַליין אין מיין צימער און גיי גאָרנישט אַרויס אָנזען די כישופדיקע ווילדע נאַטור.

פּאָר איך מיט זיי צו יענעם צוויבערדיקן וואַסער־פאַל טאַקווענדאַמאַ, וואָס איז נאָך העכער און שטורמישער ווי די ניאַגאַראַ.

רייסן זיך דאָ גישט־געצווימטע שוימענדיקע וואַסערן הונדערט פוס הויך, אָבער נאָך שטורמישער רייסט זיך מיין האַרץ צו דער ווייטער וועלט, וואָס איז אַוועק, צו יענע שטילע אומבאַקאַנטע ברידער אונדזערע, וואָס האָבן אַ לעבן אָפּגעפינצטערט אין גלותדיקן אָרימקייט פון די שטעטלעך.

אַן אָרקעסטער פון אינדיאַנער שפּילט אויף רויטע הילצערנע טאַמבורינען און פליוטן; דער ניגון איז מיר פרעמד, ווי פרעמד ס'איז דער געמיש פון די בערג־קאָלאָמביאַנער אין שוואַרצע פעלערינעס, וואָס באַוווּנדערן ווי איך די שטורמישע וואַסערן פון טאַקוועגדאַמאַ.

צו מיינע אויערן דערטראָגן זיך אָבער אַנדערע טענער — אַן אַנדער ליד, געזונגען פון די פּאַרטיזאַנער אין די בריאַנסקער וועלדער:

מיר זענען די פידלער פון אייביקן ניגון;
מיר זענען די קינדער פון אייביקן פאָלק!
מיר וועלן די צרות אין האָפענונג פאַרוויגן;
מיר גייען באַוואָפנט צום נאָענטן דערפאָלג.

VII

# די נייע מאַראַנען

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ווארשע, האָב איך דעם ערשטן טאָג פאַרבראַכט אין אַן אַטמאָספער, וועלכע גיט גאָרנישט קיין באַגריף וועגן דעם ווירקלעכן לעבן פון פוילן. איך האָב געמוזט האָבן מיינע ערשטע אָפיציעלע שמועסן מיט די שעפן פון דער אונרא־מיסיע, וועלכע, ווי איך און אַלע אַנדערע אויסלענדישע געסט און דיפּלאָמאַטן, וווינען אין גרויסן, גאַנץ־געבליבענעם האָטעל „פּאָלאָניאַ". און די „טעריטאָריע" פון „פּאָלאָניאַ" האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער ווירקלעכער לאַגע אויף דער טעריטאָריע פון פוילן...

אין האָטעל „פּאָלאָניאַ" איז פאַראַן הייסע און קאַלטע וואַסער אין די צימערן, מען קען זיך באָדן, עס זענען אָפן צוויי רעסטאָראַנען: איינער מיט די בעסטע לוקסוס־שפּייזן, מיט מוזיק און טענץ; דער אַנדערער — אַ מין „קאַפּעטעריאַ", אָבער מיט עכטער קאַווע און פּוטער און פרישע אייער.

ווי אָבער איר גייט אַרויס פון האָטעל, פאַלט איר גלייך אַריין צווישן חורבות פון הייזער און — מענטשן. עס הענגט אַנטקעגן אייך אומגעלומפּערט און כמעט אויף גאָרנישט אַ ריזיקער צעבראָכענער מעטאַלענער טויער, אַן איבערבלייבעניש פון דעם אַמאָליקן הויפּט־וואָקזאַל — און שוין הינטער אים ציען זיך די צעשמעטערטע ווענט פון די הייזער אויף מאַרשאַלקאָווסקע, ציען זיך לאַנג, אומעטיק, אומענדלעך ביז אַזש צו די פאַר־

שנייטע, פּוסטע פעלדער, וועלכע האָבן אַמאָל געטראָגן אַזעלכע קלינגענ־דיקע און נאָענטע פאַר אונדז אַלעמען נעמען: נאַלעווקעס, גענשע, לעשנע...

זיץ איך די ערשטע טעג פון מיין אָנקומען אין רעסטאָראַן פון האָ־טעל „פּאָלאָניאַ" אַלס אַ גאַסט פון קאַנאַדער גענעראַל דרורי, דעם שעף פון דער אונרראַ אין פּוילן, און פון דעם אַמעריקאַנער לעאָן גערשטענזאַנג, זיין פּעאיקער יידישער פאַרטרעטער. אַרום דרייען זיך די העפלעכע, גוט־געאיבטע פּוילישע קעלנער מיט אַלע פיינע שפּייזן און געטראַנקען. מיט צובייסעכצן פון בעסטן רוסישן קאַוויאַר און פישן, מיט וואָדקאַ און לי־קער, מיט אייז־קרעם און עקזאָטישע פרוכטן. און אַרומגעוויקלט אין רויך פון האַוואַנער ציגאַרן, שמועסט מען שעהנלאַנג וועגן הונגער, נויט און חורבן אין פּוילן, וועגן מילך פאַר קינדער, וועגן טיפוס און טובערקולאָז.

די מענטשן, מיט וועלכע איך זיץ דאָ, זענען ווירקלעך גוטע און פיינע דזשענטלליים: זיי ווילן און ווייסן ווי אַזוי צו העלפן. אָבער די אַטמאָספער אַרום מאַכט מיך נערוועז, צעשטרייט. איך קאָן זיך נישט קאָנצענטרירן אויף דעם געשפּרעך. און דאָ קומט נאָך צו די מוזיק, אַ גלענצנדער אָרקעסטער פון טאַלאַנטפולע מוזיקער, וועלכער שפּילט „טאַנגאָס", יענע חלומדיקע, צערט־לעך־זיסע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע זענען טאַקע דאָ אין וואַרשע געשאַפן געוואָרן דורך די יידישע אָרקעסטער־אָנפירער: גאָלד, פּעטערבורגסקי, וואַרס און וולאַסט. די טענער ציען זיך סענטימענטאַל, גיסן זיך ווי בוימל־וויין אין אַליקאַנטע, שפּאַניע, שמעקן מיטן ריח פון שאַרפע געווירצן אין די בערג אַרום סאַנטיאַגאָ דע טשילע.

אָבער ווי קאָן איך פאַרגעסן? די פּוילישע קעלנער האָבן מיט אַ יאָר צוריק און מיט צוויי יאָר, און מיט דריי — אָט פּונקט אַזוי העפלעך באַ־דינט די דייטשע אָפיצירן, וועמענס שטאַב איז געווען אין דעם זעלביקן האָטעל „פּאָלאָניאַ"; און דער אָרקעסטער, וואָס כּישופט אַזוי איצט מיט „טאַנגאָס", איז צוזאַמענגעשטעלט פון די זעלבע מוזיקער, וועלכע שפּילן דאָ אָן אויפהער די לעצטע 5 יאָר... יאָ! און די יידישע קאָמפּאָזיטאָרן? איך ווייס נישט פיל פון די אַנדערע, אָבער וועגן טאַלאַנטפולן גאָלד ווייס איך, אַז די נאַצישע תּלינים האָבן אים געמאַכט פאַרן קאַפּעלמייסטער אין טרעבלינקע. געגעבן אים די בעסטע יידישע מוזיקער צו הילף, און גאָלד האָט אָנגעפירט מיט יענעם שוידערלעכן אָרקעסטער, וועלכער האָט באַ־

גליט צו די טויט־געשרייען פון הונדערטער טויזנטער יידן... געשרייען פון געשטיקטע, געברענטע, פארפייניקטע און געשמיכענע. האבן זייערע אויס־טערלישע טענער זיך אריינגעפלאכטן אין די סאמעט־ווייכע „בלוס" און „טאנגאס", שאפנדיק יענע מעכטיקע סימפאניע פון ברויזנדיקן צער און פראטעסט, וועלכע האט אייגנטלעך געדארפט די הימלען אויפטרייסלען און — דאס איז נ י ש ט געשען...

איך זאג דעם גענעראל דרורי, וואס איך טראכט וועגן דער אטמאס־פער ארום. ער פארטראכט זיך, ווערט אומעטיקער און גיט א זאג אין פראנצויזיש:

„סע לא ווי"... (דאס איז לעבן...) „ניין — ענטפער איך אביסל צו־שארף — סע לא מאר!" (דאס איז טויט)...

---

געענדיקט דעם לאנגן מיטיק, כאפ איך זיך ארוים אליין אין גאס. די לאקריץ־יום־טובדיקע אטמאספער אין „פאלאניא" שטיקט מיך.

עס איז שוין פינצטער און עס איז זונטיק: צוויי אומשטענדן, וועלכע וואלטן מיך אייגנטלעך געדארפט פארהאלטן אין הויז, ווייל אין דער פינצ־טער דארף מען אין ווארשע נישט גיין און ספעציעל זונטיק, ווען צווישן די רואינען דרייען זיך א היפש ביסל שיכורים. קען איך דאך אבער נישט איינזיצן און גיי לויט אן אדרעס, וואס איך האב אויף כמיעלנע גאס, נישט ווייט פון האטעל. דארט דארף וווינען א פרוי און קינד פון מיינעם א פריינט אין בוענאס איירעס, וועלכער האט מיך געבעטן זיי באזוכן, ווי נאר איך וועל אנקומען אין ווארשע.

איך דארף זיי, פארשטייט זיך, זוכן אונטער א גויאישן נאמען. דער „סטרוזש" פון הויז באטראכט מיך אביסל מיט חשד. ער ווייסט מסתמא, ווער עס באהאלט זיך אונטערן פאלשן נאמען, שוין דערפאר אליין, וואס דאס הויז באלאנגט דאך צו זיי. ער פירט מיך, שווייגנדיק, איבער די פינצ־טערע טרעפ. איך קלאפ־אן און עס עפנט די טיר א יונגערמאן. איך פרעג אויף ז'ער פרוי און דאן לאדט ער מיך איין אין וווינונג. איך גיב אים איבער א גרוס פון ארגענטינע, אנרופנדיק דעם אמתן נאמען פון דער געזוכטער פאמיליע און שפעטער אויך מיין נאמען.

יאָ, ער געדענקט מיך נאָך פון פאַר דער מלחמה. ער האָט צו מיר צוטרוי. ער דערציילט מיר, אַז גראָד מיט אַ טאָג פריער זענען די פרוי — זיין שוועסטער — און דאָס קינד אָפּגעפאָרן קיין שוועדן, פון וואַנען זיי האָפן זיך שנעלער ארויסבאַקומען קיין אַרגענטינע.

ער אַליין איז מיט אַ פּאָר חדשים צוריק געקומען פון רוסלאַנד. ער רופט אַריין זיין פרוי — אַ טיפּיש סלאַוויש מיידל — און שטעלט זי פאָר מיר פאָר אין רוסיש: „דאָס איז מיין זאָיאַ איוואַנאָווגאַ — מיין גויע — וועלכע איך האָב פאַרהאַנדלט און אימפּאָרטירט דאָ פון ווייטן סווערד־לאָווסק"...

זאָיאַ איוואַנאָווגאַ צעלאַכט זיך, ווען זי דערהערט דעם אופן, ווי אַזוי איר מאַן שטעלט זי פאָר; זי לויפט מאַכן טיי, אָנשטעלנדיק דעם טשאַי־ניק אויפן אייזערנעם אויוועלע אין מיטן צימער. אַן איינזאַמער עלעקטרי־שער לעמפּל באַלויכט אַ צעריסענע קאַנאַפּע, אַ פּאָר הינקענדיקע שטולן — אַ לאַבן שוואַרצן ברויט אויפן טיש. ווען זאָיאַ לויפט איבערן צימער, קלאַפּט־אָפּ הילכיק אירע הילצערנע אָפּצאַסן. אָט דער קלאַנג פון הילצערנע אָפּצאַסן, וועלכער דערמאָנט אַזוי די קלאַפּעריי פון די קינדערישע שיך אין די האָלענדישע דערפער, באַגלייט מיך שוין שפּעטער איבער גאַנץ פּוילן...

מיין ווירט איז נאָך יונג, מיט אַ יאָר צען צוריק האָט ער געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט אין וואַרשע און געאַרבעט ביי זיין טאַטן אין פאַבריק, די גרעסטע קנעפּ־פאַבריק אין פוילן. דער טאַטע איז געווען אַ הייסער חסיד, אַ ייד אַ קנאי, געדרייט אַ רעדל אין דער אגודהשער פּאָליטיק פון פאַר־מלחמהדיקן פוילן.

זיין שנור, זאָיאַ איוואַנאָוונאַ, איז, ווי מען קאָן דאָס באַלד באַמערקן, אין די „הויכע מאַנאַטן". וואָס פאַר אַ פּאָליטיק עס וועט דרייען דאָס אייניקל פון יענעם חסיד, קאָן מען נאָך דערווייל נישט וויסן.

צווישן די חורבות פון וואַרשעווער הייזער זע איך איצט דעם שאָטן פון אַ נ ד ע ר ע ר רואינען, דעם פ אַ מ י ל י ע ־ חורבן...

בעת מיר טרינקען טיי, קומען געסט, אַן אַמאָליקער קונה פון מיין באַנק, אַ גרויסער קוילן־סוחר, גאָלדקאָרן, מיט זיין פרוי און אַ נאַר־וואָס חתונה־געהאַט פּאָרל פון סאָקאָלאָוו. גאָלדקאָרן מיט זיין פרוי זעען אויס ווי עכטע פּאָליאַקן; זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף און אַזוי

ארום זיך געראַטעוועט פון פאַרניכטונג. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן זייער יידישן נאָמען געביטן אויף אַ פּוילישן, און דעריבער קען ער נאָך איצט האַלטן אָפן אַ קוילן־סקלאַד אויף פּראַגע. ווען איך האָב אים מיט אייניקע טעג שפּעטער דאָרטן באַזוכט, האָב איך געזען, ווי אין צימער פון זיין ביוראָ, איבער דעם פּלאַץ, וווּ ער זיצט, הענגט אַ בילד פון אַ פּאַרוויינ־טער מאַדאָנאַ, וועלכע דריקט צום האַרצן אַ קינד...

די פאַרוויינטע מאַדאָנאַ איז דאָס איינע פון די סגולות, מיט וועלכע גאָלדקאָרן באַהאַלט זיין פאַרגאַנגענהייט. אָבער די מאַדאָנאַ האָט זיך צו־געהערט צו אַ געשפּרעך וועגן דעם, ווי אַזוי אַנטלויפט מען וואָס שנעלער פון דאַנען, ווי אַזוי דערגייט מען צו ארץ־ישראל, וווּ זיין גאַנצע פאַמיליע לעבט. און ווי אַזוי ווערט מען טאַקע פּטור פון אָט די „סגולות", וועלכע פאַרסמען זיין לעבן בייטאָג און קומען אים שטיקן ביינאַכט...

און דער צווייטער גאַסט פון סאָקאָלאָוו איז אַ ייד, אַ בן־תורה: ער האָט געהאַט מזל: זיין ווייב, אַ חסידישע טאָכטער, זעט אָבער אויס, ווי אַן אמתע פּוילישע קריסטין, בלאָנד, מיט בלויע אויגן, מיט אַ גוטן אַק־צענט.

האָט זי געהאָדעוועט קי, קעלבער און חזירים אין אַ דאָרף נעבן סאָ־קאָלאָוו־פּאָדלאַסקי, און צווישן די שטרוי און היי פון שטאַל איז דריי יאָר נאָכאַנאַנד גאַנצע טעג געלעגן באַהאַלטן און גוט צוגעדעקט איר מאַן. נאָר אין די פינצטערע נעכט פלעגט זי אים אַרויסלאָזן אין פעלד. און ביידע האַלטן, אַז גראָד זיי איז דאָס ראַטעווען זיך נישט אָנגעקומען שווער... ער גיט נאָך אָפּט צו ביים דערציילן זיין געשיכטע: „אַ דאַנק השם יתברך"...

זיי גייען מאָרגן אַוועק קיין דייטשלאַנד, אין דער אַמעריקאַני־שער זאָנע, פון וואַנען זיי האָפן זיך אַרויסצובאַקומען שנעלער צו זייגע עלטערן, וועלכע וווינען אין די בראָנקס. זיי ווייסן, וואָס פאַר אַ געפאַרן עס לויערן אויף זיי, וויפיל גרעניצן מען וועט דאַרפן „גנבענען", וויפיל געדולד מען דאַרף האָבן, כדי צו וואַרטן אויף דער וויזע, אָבער זיי ביידע זענען גלויביקע, אָפּטימיסטישע און שמייכלענדיקע. זי ווידערהאָלט: „און ליגן דריי יאָר אין שטאַל אונטער שטרוי האָט מען געקענט, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט איבערקומען נאָך אַ יאָר?"

דער מאַן באַמערקט: „און איצטער ליגן מיר דען נישט באַהאַלטן אין

א חזיר־שטאָל, צוגערעקט מיט פּרעמדן שטרוי?״... די פּאָר אָנוועזנדיקע מאַראַנען־יידן אין צימער דערפילן דעם שטאָך...

דער באַלעבאָס אַליין, ווי אַלע, וואָס זענען געקומען פון רוסלאַנד, האָט נאָך זיין נאָמען נישט געביטן און כאָטש זיין ווייב איז א קריסטין, הענגען נישט קיין „הייליקע בילדער״ אויף די ווענט. אָבער ער קלאָגט זיך פאַר מיר:

„שוין וואָכן־לאַנג גיי איך ארום איבער רעגירונגס־אינסטיטוציעס און זוך א שטעלע. מ׳הייסט מיר אָנגעבן ביטעס, אָבער פון ערגעץ באַקום איך נישט קיין תשובה, כאָטש מען נויטיקט זיך איצט זייער אין אינטעליגענטע קרעפטן מיט העכערער בילדונג. אָט נעמט א צייטונג, וועט איר זען, ווי מען זוכט אַזעלכע ספּעציאַליסטן, ווי איך בין. גראָד נעכטן האָט מיר א הויכער באַאַמטער אין מיניסטעריום געזאָגט: „מיט אייער יידישן נאָמען וועט איר קיין שטעלע נישט באַקומען. איר מוזט אים בייטן אויף אַן עכט־פּוילישן״. דער באַאַמטער, וואָס האָט דאָס מיר געראָטן, איז אַליין א „געביטענער״ ייד. דעם מיניסטעריום אַליין, ווי איבערהויפּט דער רעגירונג, קאָן מען גאָרנישט חושד זיין אין אַנטיסעמיטיזם, אָבער זיי מוזן דאָך זיך רעכענען מיט דער אַלגעמיינער שטימונג אין לאַנד, מיט דעם סם, וואָס קומט פון דרויסן, אַז די רעגירונג איז א יידישע, אַז פּוילן ווערט פאַרפלייצט מיט יידן האָט מען דעריבער געפונען דעם נאַאיוון אויסוועג אין אַן אוניווער־סאַלן מאַסקאַראַד, אין באַהאַלטן יידישע נעמען, יידישע רעליגיע... אָבער, פאַרשטייט זיך, דאָס העלפט גאָר ווייניק!״

:: :: ::

ווען איך בין אויף מאָרגן, נאָך מיין קומען קיין וואַרשע, אריין אין צענטראַלן יידישן קאָמיטעט, וואָס געפינט זיך אויף פּראַגע, שעראָקע 5 — זענען מיר אַנטקעגן אַרויסגעלאָפן פון הינטער די שרייב־טישן און באַ־ריערן שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט, פרויען און מענער, וועלכע איך האָב געקענט אין דער אַמאָליקער וואַרשע.

אייגנטלעך פיל מער פרויען ווי מאַנסבילן, ווייל פרויען, אויב זיי האָבן נאָר „גוט אויסגעזען״, דאָס הייסט, געוועזן ענלעך צו גויעס, האָבן

זיך נאָך געקאנט ראטעווען, אויב נאָר „בארמהארציקע" שכנים האָבן זיי נישט געמסרט.

איך געפין אין די פרויען א מאָדנע ענדערונג: זיי זעען אַלע אויס זייער דיק, גאָרנישט ווי די אמאָליקע ווארשעווער שלאנקע דאמען, ווי איך האָב זיי געקענט. שפעטער דערוויס איך זיך די סיבה: מען האָט געליטן פון הונגער די גאנצע יאָרן, מען איז אויסגעגאנגען נאָך א שטיקל ברויט, און איצטער, ווען מען ארבעט ערגעץ, פעלן נישט קיין ברויט און קאר־טאָפל, האָט מען זיך צו דעם צוגעכאפט; מען עסט אמאָל אויף א טאג א 3 - 4 פונט ברויט, און דעריבער איז געקומען די רעאקציע; די פיגור ווערט שטארק דעפאָרמירט און צעשוואומען.

אָט איז נאָרא. איך רוף נישט אָן איר איצטיקן גויאישן נאָמען, ווי איך היט זיך איבערהויפט אָנרופן די אמתע נ י י ע פוילישע נעמען צוליב פארשטענדלעכע טעמים. נאָרא איז געווען א פרוי פון א דאָקטער און א מאמע פון א קינד. דעם מאַן און דאָס קינד האָט זי פארלוירן אין טרעב־לינקע און אַליין האָט זי זיך געראטעוועט דורך דעם, וואָס זי איז ענלעך צו אַן ארמענערין. שוין אין די פריערדיקע יאָרן, פאר׳ן קריג, פלעגט זי אונדז אַלעמען איבערראשן מיט איר שיינענדיקער, גלאנציקער שווארצקייט, מיט איר עקזאָטישער שיינקייט, וועלכע מען קאן טרעפן ערגעץ אין אזער־ביידזשאַן, אָבער נישט אין דער יידישער ווארשע.

זי האָט זיך דעריבער באזאָרגט מיט דאָקומענטן פון אַן ארמעניש־געאָרגיאנישן גלח, וועלכער האָט זי אויך אויסגעלערנט די עיקרים פון זייער אמונה.

זי איז אַנטלאָפן פון געטאָ, נאָכדעם ווי זי האָט געזען, ווי איר האַלב־לעבעדיקע געליבטע מוטער איז געוואָרפן געוואָרן אויף א בארג מיט טויטע, וועלכע האָבן זיך אַליין געסמט, נישט וועלנדיק אויסשטיין די ליידן פון דער רייזע קיין טרעבלינקע...

און אַליין אין דער וועלט, מיט אַ פאַלשן נאָמען — טאָמאָמיאַנץ — איז זי אוועק ווינען צווישן גויאישע שכנים אין גראָכאָוו, נעבן ווארשע. מיט איר צוזאמען איז אויך אוועק קיין גראָכאָוו אירער אַן אַלטער פעטער, וועלכער איז אויך געווען ענלעך צו אַן ארמענער און אויך געקויפט דעם פאַלשן טויף־שיין.

דערציילט זי מיר איצט:

„איך האָב זיך דאָרט, אין גראָכאָוו, ווי ס'איז איינגעאָרדנט. אַ קליינע דירה, אביסל מעבל. איר קאָנט דאָס איצט נישט באַקומען אין וואַרשע אַזוי לייכט. ווי איר זעט, אַרבעט איך אין יידישן קאָמיטעט. אמת, אַ באַשיידענע שטעלע, אָבער מיר באַקומען אויסער געלט אויך עפּעס צו עסן און אַמאָל אַ קליידונג צוגעשיקט פון דער „אונראַ” אָדער פון אַמעריקע.

„אָבער שטעלט אייך פאָר, אַז יעדן זונטיק קומען צו מיר מיינע שכנים און רופן מיך אין קלויסטער. מוז איך מיטגיין. וואָלטן זיי פּלוצלינג אַנטדעקט, אַז איך בין אַ יידישע, איז מיין לעבן נישט זיכער... אַ שפּאַס! איך האָב זיי דאָך יאָרנלאַנג אָפּגענאַרט, געראַטעוועט מיין לעבן אונטער אַ פאַלשער קריסטלעכער מאַסקע, עס קומט זיי דאָך אַ רעשטן, וואָס איך האָב זיך געראַטעוועט, ווי איך האָב געקענט... לעב איך, הייסט עס, ווייטער ווי אַ קריסטין.

אָבער יענע וואָך האָב איך אָפּגעטאָן אַ זאַך, וואָס לאָזט מיך פון דעסטוועגן נישט רוען: מיין אַלטער פעטער, וועלכער האָט געוווינט ביי מיר אין אַ צימערל, איז געשטאָרבן. וואָלט איך גלייך וועגן דעם מיטגעטיילט אין „זאַקלאַד פּאַגזשעבאָווי”, אין קריסטלעכן לויה־אַמט, וואָלטן זיי גלייך געקומען, געוואַשן דעם מת און אַנטדעקט, אַז ער איז געווען אַ ייד... פאַר אים איז דאָס אַלצאיינס, פאַר מיר אָבער האָט דאָס געשמעקט מיט לעבנס־געפאַר.

„נו, האָב איך גערופן צוויי חברטעס פון יידישן קאָמיטעט. מיר האָבן צוזאַמען דעם מת אָנגעטון אין זיין שוואַרצן אַנצוג, אַריינגערוקט אַ צלם אין זיינע צונויפגעלייגטע הענט... ערשט דאַן האָב איך טעלעפאָנירט אין „לויה־אַמט” און באַשטעלט דעם גלח. איצט רוט מיין פעטער, — אַמאָל אַ ראַדזימינער חסיד — אויפן קריסטלעכן ברודנער בית־עולם... איך קען אָבער קיין נעכט פון דעמאָלט אָן נישט שלאָפן — ער קומט מיר צו חלום. ער מאַטערט מיך!”

וואָס זאָל איך איר זאָגן, דער שוואַרצער „אַרמענערין” נאַראַ? זי האָט געזען, ווי איר מוטער איז אַ האַלב־לעבעדיקע געוואָרפן געוואָרן אויף אַ באַרג טויטע. זי האָט פון דער ווייטנס געשיקט די לעצטע בליקן אויף אַ געליבטן מאַן און קינד, וועלכע מען האָט קיין טרעבלינקע געפירט. זי האָט

זיך געראַטעוועט דורך איר אויסטערלישער שוואַרצקייט. זאָגן איר, אז זי צאָלט אַ צו־הויכן פּרייז פאַר איר לעבן? ווער? איך? איר? מיר, וואָס האָבן אַזוי באַקוועם געלעבט אין די לעצטע שפּעטערע יאָרן? האָבן מיר דען אַ רעכט זיי דאָרטן צו לערנען, עצות צו געבן, מאָראַל פאַר זיי פּרעדיקן?

ניין! — האָב איך באַשלאָסן. — נאָראַ בעט מיך, איך זאָל זי פאַר־בינדן מיט די קרובים אין אַמעריקע, מען זאָל איר שיקן אַן „אַפידייוויט", מען זאָל זי ראַטעווען. איך טו דאָס גערן.

דאָ, ביי אונדז, וועט זי אין קלויסטער נישט דאַרפן גיין. דאָ וועט זי אָנהויבן אַ ניי לעבן.

:: :: ::

איך גיי צוריק דורך די פינצטערע גאַסן פון וואַרשע, צוריק צום האָטעל. נישטאָ כמעט קיין דורכגייער, קיין דורכפאָרער. פון צייט צו צייט קנאַלט אַ שאָס צווישן די צעבראָכענע מויערן פון הויפּט־וואָקזאַל. קיינ־מאָל ווייסט מען נישט, ווער אויף וועמען עס שיסט. און אָט בין איך צוריק אין האָטעל. ווי נאָר איך מאַך אויף די שווערע טוכענע פאָרהאַנגען, וואָס הענגען ביים אַריינגאַנג, געפינט מען זיך באַלד אין אַן אַנדער וועלט: אַמעריקאַנער און ענגלישע אָפיצירן פאַרבייסן דעם טאָג אין רעסטאָראַן מיט שינקע און אייער. אַ רוסישער גענעראַל מיט צוויי קאַפּיטאַנען זיצן אין אַ ווינקל פון זאַל און זופּן אומעטיק און לאַנג יענעם ווייסן געטראַנק, וועלכן מען האָט דאָ ביי אונדז דערהויבן כמעט צו אַ פּאָליטישן וואָפן — אָבער אין דער אמתן איז דאָס די זעלבע „וואָדקאַ", ביי וועלכער אַ רוס האָט ליב צו פילאָזאָפירן און ווערט ראָמאַנטיש־סענטימענטאַל אפילו ביים איצטיקן רעזשים.

שוועדישע און דענישע באַאַמטע פון רויטן קרייץ באַווייזן זיך אין זייערע הויכע ווייסע פוטערנע היטלען — מיידן אויס דעם רעסטאָראַן און גייען פרי שלאָפן.

אַ גרופּע דיפּלאָמאַטן, וואָס וווינען אין האָטעל „פּאָלאָניאַ", זעצן זיך אויס אויף דער עסטראַדע ביים זייט, באַשטעלן ווייַן און צובייסעכץ און פירן אַ לעבהאַפטן שמועס: איר זעט דאָ דעם קליינעם מעקסיקאַנער אַמ־

באסאדאָר מיט זיין יידישער ווייב, דעם שווייצאַרישן מיניסטער, ביי וועמענס צימער עס שטייען גאַנצע טעג און וואַרטן מענטשן נאָך א וויזע און — באקומען זי נישט; עס טרינקט „לחיים" דער פראַנצויזישער באַטשאַפטער צום איטאַליענער, אזוי ווי עס וואָלט קיינמאָל נישט פאָרגעקומען דער „שטאָך מיטן מעסער אין רוקן", וועלכער האָט אונדז אַלעמען אזוי ווייטיקדיק געטראָפן.

דער אָרקעסטער שפּילט א ליידנשאַפטלעכן טאַנגאָ, קאָמפּאָנירט פון גאָלדן מיט די ווערטער פון וולאסטן, נאָך איידער מען האָט זיי געפּרעגלט אין שאָטן פון דעם טרעבלינקער וועלדל.

איך זעץ זיך צו צום טישל פון דר. ישי און שרייבער סאַמעט. דער ערשטער איז אין וואַרשע דער שליח פון דער „יידישער אגענץ" אין ירושלים, דער אַמבאַסאַדאָר פון אונדזער אומבאַהאָלפנקייט און האָפענונג. דער צווייטער איז דער טאַלאַנטפולער רעפּאָרטער פון תל־אביבער „הארץ", וועמענס אַרטיקלען איבער פוילן טרייסלען אויף דעם ישוב.

מיר באַטראַכטן די מענטשן אין זאַל אַרום און מיר באַטראַכטן זיך און עס ווערן אזוי פאַרשטענדלעך די ווערטער, וועלכע מיין באָבע, עליה השלום, פלעגט אזוי אָפט ווידערהאָלן: „וואָס העלפן דאָ די טענות, מיין קינד, ז י י זענען גויים און מ י ר זענען יידן! צוויי וועלטן זענען מיר, צוויי פרעמדע וועלטן"...

VIII

# ייִדישע עלטערן און גויאישע קינדער

מיינער אַ פריינט, וועלכער וווינט אין ניו־יאָרק זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און האָט אין פּוילן איבערגעלאָזן אַ באַדייטנדיקן פאַרמעגן — האָט מיך געבעטן, איך זאָל אין וואַרשע אויף מאָקאָטאָווער גאַס כאַפּן אַ קוק, צי זיין הויז, וואָס איז אַ ירושה פון דורות, שטייט נאָך גאַנץ. ווען איך בין דורכגעפאָרן איינמאָל די חורבות פון יענער געגנט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער ביטע פון מיין פריינט און אָנגעהויבן לאַנגזאַמער זיך באַוועגן, כדי נאָכצוזוכן דעם נומער פון הויז לויט מיין נאָטיץ־ביכל. און אָט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יאָ, דאָס הויז שטייט גאַנץ. גראָד אין דעם טייל פון וואַרשע איז נאָך געבליבן אַ פערטל גאַנצע הייזער, וואָס דערקלערט זיך מיט דער נאָענטקייט פון די נאַצישע מיליטערישע און רעגירונגס־אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין יענעם ווינקל פון שטאָט.

מאָקאָטאָווסקאַ גאַס איז אין אַמאָליקן גויאישן טייל פון וואַרשע, אַ צוויי מייל ווייט פון די געטאָ־ווענט; דאָ האָט געוווינט אַ גרויסע טייל פון ייִדישן פאַרמעגלעכן קלאַס, וועלכע האָבן אָבער געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען, מעבל און פאַרמעגן אין יענעם 1940־סטן יאָר, ווען די געטאָ איז עטאַבלירט געוואָרן און אַלע ייִדן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דאָרטן אין דער ענגשאַפט הינטער די געטאָ־מויערן.

זעלבסטפארשטענדלעך האָבן זיך אין זייערע אַמאָליקע דירות אריינגעקליבן גויים און זיי וווינען נאָך דאָרטן ביז איצט.

אין דער אמתן איז מיר גאָרנישט געווען אזוי אנגענעם צו שיטן זאַלץ אויף די ווונדן און גיין אָנקוקן, ווי אזוי יידיש האָב און גוטס, יידישע נחלות זענען פאַרנומען געוואָרן דורך פרעמדע. אָבער איך האָב פונדעסטוועגן געוואָלט ברענגען אַ תשובה צו מיין פריינט אין ניו־יאָרק, און כ׳בין אפילו אַרויס פון טראַמוויי און אריין אין הויף פון גרויסן הויז, ווו עס האָבן פאַרן קריג געוווינט אויסשליסלעך יידן און איצט האָב איך אפילו נישט געטראַכט צו געפינען אַ סימן פון זיי. גלאַט געוואָלט שפּעטער דערציילן דעם באַלעבאָס אין ניו־יאָרק, וואָס עס איז געוואָרן דער תכלית פון זיין פאַרמעגן.

האָט באַמערקט דער „סטרוזש" (היטער) פון הויז, אַז עפּעס אַ פּאַרשוין אין אַן אַמעריקאַנישן מיליטערישן מונדיר דרייט זיך ארום הויז, האָט ער זיך דערנענטערט, אראָפּגענומען דאָס היטל און געפרעגט, וועמען זוך איך דאָ? האָב איך געענטפערט, אַז איך וואָלט געוואָלט אַ קוק טאָן די דירה, ווו עס האָט אַמאָל געוווינט דער באַלעבאָס פון דעם מויער. אַ פּוילישער „סטרוזש" האָט פיינט אַזעלכע פראַגן: עס דערמאָנט אים אַ דריי אומאנגענעמע זאַכן, ווי, צום ביישפּיל, ווו זענען אהינגעקומען די זילבערגעשיר, בילדער, קאַרפּעטן פון ד״ר אָדער יענער דירה... איך מיין, מען איז דאָך מער נישט ווי אַ מענטש, האָט מען אין גרויסן טומל, ווען מען האָט די „זשידעס" אַרויסגעפירט פון דאַנען, עפּעס צוגעלקחנט פאַרן אייגענעם געברויך... און איצט דרייט זיך אַן אַמעריקאַנער, אַ „זשיד" געוויס, און פרעגט זיך נאָך וועגן דער ירושה, אַבי געמיינט, שוין לאַנג פּטור געוואָרן פון זיי. האָט ער דאָך, דער סטרוזש אַליין, געזען, ווי מען האָט די אַלטע מאַמע פון אַמאָליקן הויז־אייגנטימער, מיט איר זון, מיט די צוויי קינדערלעך, אַרויסגעפירט פון זייער דירה און זיי זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען. וואָס זוך איך דאָרט אייגנטלעך?... די אויגן פון גוי ווערן שפּיציק־אומפריינטלעך — ער פּיינט דעם רעספּעקט, טוט אָן צוריק זיין היטל און ענטפערט:

„ניין, מען קאָן נישט זען יענע דירה. דאָרט וווינען אַנדערע שכנים; זיי וועלן פאַראיבל האָבן, ווען ער וועט ברענגען עמיצן צו זיי אין שטוב".

ענטפער איך: „איך וועל ארויפגיין אין וווינונג נומער פינף אליין; איך וויל פאַרט זען, ווי אַזוי די דירה פון מיין פריינט זעט איצט אויס. ער וועט זיך וועגן דעם שפּעטער נאָכפרעגן... איבעריקנס, זאָל טאַקע דער „סטרוזש" בלייבן אונטן, איך וועל זיך שוין אָן עצה געבן"...

און ווייל איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט אין אַ קאַטעגאָריש־באַפעלע־רישן טאָן, האָט דער סטרוזש ווידער אַראָפּגענומען דאָס היטל. אַזוי זענען זיי שוין...

קלאַפּ איך אָן אין טיר פון וווינונג נומער פינף, אויף וועלכער עס הענגט אַ צעטל, אַז דאָ וווינט דאָקטער סטאַניסלאַוו ק., פרויען־קראַנקהייטן. עפנט די טיר אַ פרוי פון אַ יאָר איבער פערציק, לאָזט מיך אַריין און פירט מיך אין גרויסן עס־צימער, ווו זי בעט מיך זיצן. זי איז געווען אַזוי העפ־לעך און פיין, אַז איך האָב זיך אַביסל געקווענקלט, אויב איך זאָל איר אָנהויבן אויפקלערן דעם ציל פון מיין וויזיט: וואָס הייסט, עפּעס גלאַט אַזוי זיך געקומען באַקוקן אַ פרעמדע דירה? אָבער זי האָט געוואַרט גע־דולדיק מיט אַ פראַגע אין אירע אויגן און איך הויב דעריבער אָן:

— איר פאַרשטייט, חשובע פרוי, אַט אין דער דירה נומער פינף האָבן לאַנגע יאָרן געוווינט מיינע פריינט. איצט זענען זיי אין ניו־יאָרק. דאָ האָבן זיי איבערגעלאָזן אַן אַלטע מאַמע, וועלכע האָט מיט אַ יאָר פופציק צוריק דאָס זעלבע הויז געבויט. אין דער דירה האָט געוווינט צוזאַמען מיט דער מאַמען אַ זון אירער, אַן אינזשעניער, מיט אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינ־דערלעך. איך ווייס שוין, אַז קיינער פון דער פאַמיליע אין וואַרשע איז ביים לעבן נישט געבליבן, אָבער די אין אַמעריקע וועלן מיך פרעגן, ווי אַזוי קוקן אויס די ווענט, די מעבל?...

די פרוי לאָזט אַראָפּ די אויגן, ווערט אומעטיק. זי ענטפערט לאַנג־זאַם:

— אָ, איך פאַרשטיי אַזוי גוט אייער וויזיט. מען איז צוגעבונדן צו אַ דירה, ווו צוזאַמען מיט עלטערן האָט מען זיך דערצויגן, די קינדהייט פאַר־בראַכט... איר זעט אָבער, פון די אַמאָליקע רייכע מעבל איז ווייניק וואָס געבליבן. די דייטשן האָבן אַלץ צוגענומען און אַוועקגעפירט אין זייער פאָטערלאַנד. אויסער טיש און די פּאָר שטולן און די פּאָר בילדער אויף די ווענט איז דאָ מער נישטאָ פון די אַמאָליקע באַלעבאַטים. פאַרשטייט

זיך, אויב זיי פאַרלאַנגען, וועלן מיר דאָס צוריקגעבן, עס איז גאָרנישט אנגענעם צו באַנוצן זיך מיט פרעמדע"...

די פרוי ווערט מיר אַלץ מער און מער סימפּאַטיש; זי רעדט און באַנעמט זיך אַזוי נאַטירלעך־מענטשלעך.

„אָ, ניין! איך האָב גאָר אין זינען נישט אויפמאָנען פון אייך דאָס ביסל אַלטע מעבל; איבעריקנס, האָט מיך קיינער דערצו נישט באַפולמעכטיקט... איך בין גלאַט אַזוי אַריינגעקומען אַ קוק טאָן, כדי שפּעטער אָפּגעבן אַ גרוס. פאַרצייַט מיר, גנעדיקע פרוי"...

איך הויב זיך אויף, כדי אַוועקצוגיין און דערפיל פּלוצלינג, ווי די פרוי גיט מיך אַ נעם ביים האַנט.

— וואַרט אַ ווייל — גיט זי אַ זאָג — איר דערוועקט אין מיר אַזוי פיל צוטרוי. איך מוז אייך עפּעס דערציילן. וואַרט נאָר אַ ווייל, איך וועל דאָ אַריינרופן אַ פרוי, וועלכע וווינט ביי מיר אין אַ צימער...

אין אַ מינוט אַרום פירט זי אַריין אַ דאַמע פון מיטעלע יאָרן, זייער באַשיידן געקליידעט און שטעלט זי פאָר מיר פאָר:

— דאָס איז מאַדאַם מיקלאַשעווסקאַ, זי וווינט דאָ מיט אונדז. נו, און אייער נאָמען האָב איך נישט גוט געהערט, מעג איך אייך בעטן ווידערהאָלן?...

איך שטעל זיך דאָס מאָל פאָר קלאָר און דייטלעך.

די אַריינגעקומענע פרוי מיקלאַשעווסקאַ קוקט מיך אָן אַזוי ווי דערשטוינט.

— נו, געוויס געדענק איך אייך פון וואַרשע. איר האָט זיך שטאַרק געענדערט, אפשר אַדאַנק אייער מיליטערישער קליידונג. אָבער אויך איר דערקענט מיך נישט. מיר פלעגן זיך דאָך טרעפן אין הויז פון דר. מאַצ... מיין נאָמען איז דאַן געווען אַבראַמאָוויטש.

איצט דערמאָן איך זיך. זי האָט זיך טאַקע גאָר שטאַרק געענדערט: די האָר זענען אַמאָל געווען פעך שוואַרץ, היינט זענען זיי שרייענדיק־בלאָנד געפאַרבט. און די זעקלעך אונטער די פאַרלאָשענע אויגן; און די אָרימע קליידונג, וועלכע איז אין אַזאַ קאָנטראַסט מיט דער אַמאָל עלעגאַנטער פרוי, ווי איך געדענק זי.

איר געשיכטע דערציילט זי מיר אין צוויי ווערטער: דער מאַן און די

קינדער זענען אומגעקומען צוזאמען מיט אלע אנדערע יידן. זי האט זיך ארויסבאקומען דאן פון געטא, שפעטער אנטיילגענומען אין ווארשעווער אויפשטאנד. איצט ווינט זי דא אין א צימער מיט דער אזוי ליבער און סימפאטישער קריסטלעכער פאר. זי פארדינט אויף א שטעלע ארום דריי טויזנט זלאטעס א חודש, אבער, ווי איך ווייס, איז דאס געווג נאר אויף א שטיקל טרוקן ברויט. זי לעבט אונטער א קריסטלעכן נאמען, ווייל עס איז דאך קלאר, אז אונטער איר אייגענעם נאמען וואלטן זי די שכנים אט דא אין הויז און די קאלעגן אין ביורא שטארק באאומרואיקט. זי דריקט זיך אויס זייער דעליקאט, נישט ווערנדיק, ווייזט אויס, אנגרייפן מיט עפעס די גוטע קריסטין, אין וועמענס דירה זי ווינט. „נאר דער דאקטער און זיין פרוי ווייסן, אז איך בין א יידישקע. אבער זיי זענען דאך מלאכים"...

דעם דאקטערס פרוי רופט זיך אן: „ניין, נישט קיין מלאכים זענען מיר, נאר פשוטע מענטשן. איך פיל גארנישט, אז מיר טוען אייך אזא גרויסע געפעליקייט. איר צאלט דאך פאר אייער צימער"...

די יידישע דאמע פראטעסטירט:

„אריינצולאזן א ייד ווינען אין א קריסטלעכער פאמיליע איז היינט נאך אויך א העלדישקייט. איבעריקנס, וועט איר זיך דערוויסן באלד עפעס מער"...

דעם דאקטערס פרוי ווערט אויף א ווייל פארשוואונדן, און נאכהער קומט זי צוריק אריין אין צימער, פירנדיק פארן האנט א מיידעלע פון א יאר זעקס, א וואונדער־שיין קינד מיט געקרייזלטע טונקעלע לאקן, מיט בלויע אויגן און א ציכטיק קליידעלע און לאקירענע שיכעלעך.

דאס קינד קוקט מיך אן אביסל דערשראקן, טוליעט זיך צו דער קריסטלעכער פרוי, האלט זיך ביי איר קלייד.

איך שמייכל צו דעם מיידעלע, פרוביר עס נעמען ביים הענטל, ווייז איר מיין פאטאגראפישן אפאראט, גיב איר אפילו אים צו האלטן. דאס דערוועקט אין קינד צוטרוי. זי גייט שוין צו מיר.

ביידע פרויען קוקן אן שווייגנדיק די סצענע.

דעם דאקטערס פרוי גיט א זאג:

„נו, איצט, באַרבאַראַ, קאָנסטו צוריקגיין צום טאַטעלע. דער פּאַן וועט שפּעטער דאָרט אַריינגיין און מיט דיר נאָך אַמאָל שפּילן. גיי, קינדעלע"...

זי פירט זי אַוועק אין אַ זייטיקן צימער, וווּ איך פאַרשטיי, געפינט זיך דער דאָקטער. ער איז קראַנק און ליגט אין בעט, ווי עס האָט מיר נאָך פריער דערקלערט זיין פרוי.

ווען מיר בלייבן אַליין, רופט זיך אָן די קריסטלעכע פרוי:

„ דאָס קינד איז נישט מיינס! עס איז פון יידישע עלטערן. אָ, עס איז אַלץ פאָרגעקומען אַזוי טראַגיש: דאָ אויבן אויף די טרעפּ האָט געוווינט אַ יונגע דאַמע, וועלכע איך פלעג אָפט זען אַראָפּגייענדיק אונטן מיט אַ קינד אויף די הענט. דאָס איז געווען אין 1942־סטן יאָר, זומער־צייט. איר ווייסט, דאַן, ווען מען האָט די יידן פון געטאָ אַוועקגענומען. אָבער יענע פרוי מיטן קינד האָבן געוווינט דאָ ביי אונדז אין הויז, אויסערן געטאָ; מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז זי איז אַן עכט־פּוילישע. אָבער אין אַ געוויסן פרימאָרגן זענען אַרויף אויף די טרעפּ נאַצישע זשאַנדאַרמען און נאָכהער האָבן מיר געהערט אַ ווילדן געשריי. מען האָט אַ פרוי געשלעפּט פאַר די האָר אונטן. עס האָבן זיך געעפנט אַלע טירן און מיר האָבן געזען, ווי דאָס ראַנגלט זיך אונדזער שכנטע מיט די צוויי דייטשן; זי דראַפּעט זיי די פּנימער און האַלט אין איין שרייען: „בעסטיעס! בעסטיעס!" אָבער ווען זי איז דורכגעגאַנגען דורך אונדזער טיר, האָט זי פּלוצלינג אַ וואָרף געטאָן אַ פּעקל צו מיר, שעפּטשענדיק שנעל: „נעמט צו מיין באַסינקען, זייט פאַר איר אַ מאַמע".

„די זשאַנדאַרמען האָט נישט געאַרט, וואָס זי וואַרפט אַוועק דאָס פּעקל און די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געווענדט אויף דער פרוי, וועלכע איז ווידער געוואָרן ווילד און געוואָרפן זיך אויף זיי בייסן... איך האָב שנעל אַריינגעכאַפּט דאָס פּעקל מיטן קינד. דאָרט איז געלעגן באַסינקע און האָט אַפילו נישט געוויינט, אַזוי ווי זי וואָלט שוין דעמאָלט געוואָלט העלפן איר מוטער באַהאַלטן זי...

„און דאָס איז אַלץ, וואָס איך ווייס. מען האָט שפּעטער אין שטוב געשמועסט, אַז דאָס האָט מען אונדזער אומגליקלעכע שכנטע געמסרט, אַז זי איז גאָר נישט קיין פּוילישע, נאָר אַ יידישע, אַז זי איז געווען אַ פרוי פון אַ באַקאַנטן וואַרשעווער דאָקטער, וועלכן מען האָט אין געטאָ געשאָסן.

אָבער אַלע אונדזערע באַמיאונגען זיך צו דערוויסן, ווער איז דער דאָקטער געווען און זיין ריכטיקן נאָמען אויסצוגעפינען, האָבן זיך נישט איינגע־געבן. וואָס מיר ווייסן נאָר איז, אַז זיי זענען געווען יידן און דאָס קינד רופט מען באַסיאַ... זי איז דעמאָלט אַלט געווען צוויי יאָר. מיר האָבן זיך צו איר צוגעבונדן. עס האָט איר גאָרנישט געפעלט. זאָל פרוי מיקלאַשעוו־סקאַ, וועלכע איז אַליין אַ יידישע, עדות זאָגן, אַז עס זענען געווען צייטן, ווען מיר האָבן קוים ברויט געהאַט. אָבער דאָס קינד האָט יעדן טאָג מילך געטרונקען. מיין מאַן איז קראַנק. ער קאָן נישט מער פּראַקטיצירן. עס דראָט אים אַפילו אינגאַנצן בלינד צו ווערן. אָבער באַסיאַ וועט נישט הונגערן.

„מיט אַ יאָר צוריק האָבן מיר זי געשמדט אויף קאַטויליש און איר נאָמען איז איצט באַרבאַראַ־מאַריאַ... איך פיל אָבער אַלץ אַ מאָדנעם אומ־רו, אַזוי ווי כ'וואָלט סעקוועסטרירט אַ פרעמד קינד. וואָלט אַוועקגעגנבעט איר שמייכל, איר ליבע פון נענטערע... מיר רעדן וועגן דעם אָפט צווישן זיך און איצט, אַז איר זענט געקומען, האָב איך באַשלאָסן פרעגן אייך, וואָס זאָלן מיר טאָן?"

ווען די פרוי האָט גערעדט, בין איך געוואָרן אַלץ אומעטיקער, טרויע־ריקער... אָט דאָס איז דער יידישער ביטערער מזל, אָט איז די שרעקלעכע תוכחה, וואָס איז אַזוי מאַוימדיק מקוים געוואָרן: „דיינע זין און טעכטער זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו אַ פרעמד פאָלק, און דיינע אויגן זעען דאָס און ווערן פאַרפינצטערט"... אָט איז אַ קליין יידיש מיידעלע, אַ פאַרטראָ־גענע דורכן שטורעם בלימעלע פון אַן אַלטן שטאַם און צופעליק רופט זי זיך באַרבאַראַ, אַזוי ווי זי וואָלט מיטן נאָמען אַליין אונטערגעשטראָכן דעם באַרבאַריזם, די ווילדקייט פון דער צייט, ווען קינדער זענען פון מאַמעס שויס אַוועקגעריסן געוואָרן... איך קאָן דערוויל גאָרנישט ריידן...

מיר גייען אַלע אַריין אין צימער, ווו אויף אַ הויך בעט ליגט אַן על־טערער מאַן מיט פאַרבונדענע אויגן, וועלכער שמייכלט אַביסל שעמעוודיק־פאַרלאָרן, ווען מיר דריקן זיך די הענט. ער זעט מיך נישט, אָבער פילט די וואַרעמקייט פון מיין האַרץ צו אים, דעם קראַנקן דאָקטער, וואָס האָט אויפגעשיינט מיט אַזוי פיל איינפאַכער מענטשלעכקייט און דער חיהשער סביבה אַרום אים. ער קילט מיין ברענענדיקע שנאה צו אַ וועלט מיט

גויים, אזוי ווי ער וואָלט געערדט דורך זיינע באַנדאַזשירטע אויגן: „אָ, זיי נישט אַזוי גרויזאַם אין דיין אינערלעכן משפּט צו אַלע נישט־יידן! שיט נישט אַזוי מיט ברענענדיקע קללות אויף אַלעמענס קעפּ. אָט זעסטו: מיר זענען קריסטן, פּאָליאַקן און מיר זענען פריער פאַר אַלץ מענטשן... מיט הערצער, מיט רחמנות"...

די קליינע באַסיע וואַרעמט זיך נעבן מיינע קני, שפּילנדיק זיך מיט פּאַפּירלעך, נייענקע דאָלאַרן, וועלכע איך האָב איר געגעבן אַלס מתנה... מיר ריידן וועגן איר ווייטערדיקן גורל אַביסל פאַרשטעלט, כדי דאָס קינד זאָל נישט פאַרשטיין.

איך זאָג: „טייערע מענטשן! איך ווייס, ווי שווער עס וועט אייך זיין זיך צו שיידן מיט דעם קינד. אָבער אַזאַ טאָג וועט מוזן קומען; מען האָט אוועקגעלייגט זעקס מיליאָן פון אונדזער פאָלק; מען האָט צוגערויבט דעם גאַנצן פאַרמעגן. עס זענען אין פוילן געבליבן נישט מער ווי פינף טויזנט יידישע קינדער און נאָך אייניקע טויזנט זענען צעוואָרפן אין פרעמדע היי־מען און דערפער און שטעט מיט באַרמהאַרציקע מענטשן אַזעלכע ווי איר זענט... נו, פאַרשטייט איר, אַז פון דער טייערסטער ירושה, וואָס איז יידן געבליבן, פון דאָס ביסל געפונענע קינדער, טאָר מען נישט רעזיגנירן. דערלויבט מיר דעריבער, איך בעט אייך, איינאָרדענען דאָס קינד אין היגן „קינדער־היים", ווו אַזעלכע מיידעלעך און ייִנגעלעך לעבן, ווי אין אַ גן־עדן... שפּעטער וועט מען אפשר אויסגעפינען נאָענטע קרובים, אָדער גאָר אוועקשיקן דאָס קינד קיין ארץ־ישראל, ווו קינדער פילן זיך אַזוי גליק־לעך... איר וועט דאָך נישט אָפּזאָגן מיין פאַרשלאַג, נישט אמת?"

אַ שווערער שווייגן הענגט אין צימער... באַסיע שפּילט זיך נאָך אַלץ מיט די דאָלאַרן. איך גלעט איר געקרייזלט קעפּעלע און ערגעץ פון די טיפענישן פון מיין זכרון שווימט אַרויס די רינדיקע געשיכטע, וואָס ווערט דערציילט אין גמרא (גיטין נ'): ר' יהושע בן חנניה איז גראָד געווען אויף אַ באַזוך אין אַ רוימישער שטאָט, ווען מען האָט אים אָנגעזאָגט, אַז אין תפיסה דאָרט זיצט אַ שיין יידיש קינד מיט פּרעכטיקע אויגן און געקרייזל־טער האָר, איז ער אוועק צו דער תפיסה, זיך אוועקגעשטעלט ביים טיר און געזאָגט: „ווער, ווער האָט דאָס אָפּגעגעבן יעקבן צום רויב און ישראל פאַרשעמט צו ווערן?" ענטפערט דורכן טיר דעם קינדס קול: „דאָס האָט

דאָך געטאָן גאָט, צו וועלכן מיר האָבן געזינדיקט, נישט געוואָלט אין זיינע וועגן גיין, נישט געהערט זיין תורה"... האָט געזאָגט דער תנא: „איך בין זיכער, אַז דאָס קינד וועט ווערן אַ רב ביי יידן און איך שווער, אַז איך וועל זיך פון אָרט נישט רירן, באַצאָלן פאַר אים יעדן פרייז און דאָס אויסלייזן". אַזוי איז טאַקע געשען און פון אויסגעלייזטן יינגעלע איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער תנא ר' ישמעאל בן אלישע"...

ווער קאָן וויסן, וואָס איז איינגעהילט אין די פאַלדן פון דער צייט פאַרן גורל פון דער קליינער באַסיעלע, מיטן צלמל אויפן האַלדז, וועלכע אַ יידישע מאַמע האָט אין די לעצטע מינוטן פון איר לעבן אונטערגעוואָרפן אַלס אַ פּעקל צו פרעמדע מענטשן.

די פרוי פון דאָקטער רייסט איבער דאָס שטילשווייגן:

„פאַרשטייט זיך, אַז דאָס קינד דאַרף אומגעקערט ווערן צו יידן, באַלאַנגט צו זיי. איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, אַז אונדז מאַטערט דער באַוווּסטזיין, אַז מיר האָבן אייגנטלעך אָפּגענאַרט באַסיעלען, מאַכנדיק זי פאַר אַ קריסטין. אָבער זי האָט זיך דורך דעם געראַטעוועט. איצט וועלן מיר אייך זייער דאַנקבאַר זיין, ווען איר וועט אונדז פאַרבינדן מיט דעם יידישן קאָמיטעט אין וואַרשע"...

מיר ריידן נאָך צווישן זיך וועגן איינצלהייטן, און נאָכהער געזעגן איך זיך מיט דער נאָבעלער קריסטלעכער פאַמיליע, צו וועלכער איך בין אַזוי צופעליק אַריינגעפאַלן.

איך ווייס שוין ביי זיך: איך וועל זיך נישט באַרואיקן, ביז באַסיעלעס גורל וועט צוריק פאַרבונדן ווערן מיטן פאָלק פון אירע עלטערן, די קדושים.

:: :: ::

אַרויסגייענדיק פון וווינונג אויפן הויף, זע איך, ווי דער „סטרוזש" איז פאַרטיפט אין אַ געשפּרעך מיט מיין פוילישן שאָפער. איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז פון מיין לאַנגן וויזיט אין דער וווינונג ביים דאָקטער, האָט ער, דער „טרייער" וועכטער פון די אַמאָליקע יידישע באַלעבאַטים, אַרויסגעדרונגען, אַז דאָס בין איך געקומען פון אַמעריקע צוריק צו באַקומען דעם הויף מיט די מויערן... צוזאַמען מיטן שאָפער באַרעדט מען

דאָס מיך און די איצטיקע „יידישע רעגירונג" פון פוילן און מען בענקט נאָך די נאַצים, וואָס האָבן געוווסט, ווי אַזוי אויסצוראָטן די „זשידעס". געהערט האָב איך נאָר די לעצטע ווערטער פון סטרוזש: „געמיינט, שוין פּטור געוואָרן פון זיי"... אָבער איך האָב געקענט גאַנץ לייכט צוטראַכטן דעם גאַנצן געשפּרעך, אריינקוקנדיק אין זיינע שפּיציקע אויגן.

ער נעמט נישט אראָפּ דאָס היטל און איך זאָג נישט דעם געוויינלעכן „צום ווידערזען".

צו וואָס זיי זען ווידער? איך וויל דאָס גאָרנישט!...

IX

## פאַטעטישער בריוו פון דער אַלמנה טשערניאַקאָוו

איך האָב שוין דערמאָנט אין איינעם פון מיינע אַרטיקלען, ווי אַזוי איך האָב מיך צופעליק באַגעגנט שוין דעם צווייטן טאָג נאָך מיין אָנקו־מען אין וואַרשע מיט דער פרוי פון געוועזענעם געטאָ־פּרעזידענט — דער קדוש אדם טשערניאַקאָוו.

דאָס איז געווען אין בוכהאַנדלונג „קשיאָנזשקאַ" אויף פּראַגע — בעתן באַזוך ביי דער דירעקטאָרין פון פאַרלאַג, ווען עס האָט מיר פּלוצ־לינג אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן אַן אומעטיק געזיכט, ווי פון געלן מאַרמאָר אויסגעטאָקט: צונויפגעפּרעסטע ליפּן אויף אַן אַריסטאָקראַטישן געזיכט, אַראָפּגעלאָזענע ברעמען, וועלכע האָבן דאָך, ווי פון אַ באַהעל־טעניש געוואָרפן אויף מיר דיסקרעטע בליקן...

און גלייכצייטיק האָבן מיר זיך דערקאָנט: איך האָב דערזען אין ראַם פון די טונקעלע קליידער און אויסגעגאָסענעם שוואַרצן אומעט — דאָס געזיכט פון ד״ר פעליציאַ טשערניאַקאָוו — און זי — דעם לאַנג־יעריקן פריינד פון איר מאַן, פון איר משפּחה...

איך געדענק יענעם ווינטער־אָוונט אויף פּיענקנאַ גאַס אין וואַרשע, ווען איך בין געקומען זיך זעגענען מיט אדם טשערניאַקאָוון איז זיין פרוי, איידער איך האָב געמוזט מיט פאַלשע פּאַפּירן אַנטרינען פון היט־לערס געסטאַפּאָ. עס איז אונדז אַלעמען געווען טרויעריק אויפן האַרצן. איך בין געוואָרן אין דער פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט פון מיין מיט־

אַרבעט אַלס עקזעקוטיוו־מיטגליד אין „יודענראַט" טשערניאַקאָווס רעכ־טע האַנט. מיט דריי טעג פריער פאַר מיין אַנטלויפן האָב איך באַקומען פון געסטאַפּאָ־פירער מענדע דעם טראַגישן פאָרשלאַג, אַז די קהילה זאָל אָרגאַניזירן שאַנד־הייזער פאַר דער דייטשער אַרמיי.

איך האָב דאַן קאַטעגאָריש דעם פאָרשלאַג אָפּגעזאָגט — אָבער דאָך האָט זיך מענדע געמאַכט נישט הערנדיק, און געגעבן מיר דריי טעג אויף א תשובה... אַ פאַלשן פּאַס פאַר מיר און מיין פאַמיליע, אַ פּאַס, נאָכגע־מאַכט מיט גרויס טאַלאַנט פון יידישן מאַלער ברוינער, — האָב איך שוין געהאַט אין קעשענע.

אַז איך קליַיב זיך צו אַנטלויפן, האָב איך געזאָגט נאָר דריי מיט־גלידער פון יודען־ראַט: דעם דעפּוטאַט האַרטגלאַס, דעם רב ר' יצחק מאיר לעווין (גערער רבינס איידעם) און דעם סענאַטאָר קערנער. זיי אַלע האָבן מיר דאַן איבערגעגעבן ביטעס און גרוסן קיין ארץ־ישראל און אַמעריקע, מען זאָל זיי ראַטעווען. און זיי אַלע זענען איצט ב"ה אין ארץ־ישראל...

ווען איך בין געזעסן אין יענעם פינצטערן אָוונט ביי טשערניאַקאָוון אין שטוב און מיט טרערן אין די אויגן זיך מיט אים און מיט זיין פרוי געזעגנט, האָב איך אויך אים פּרובירט צורעדן, ער זאָל אַנטלויפן.

אָבער איך געדענק זיין שטאָלצן ענטפער, וועלכער איז געזאָגט גע־וואָרן נישט פון א טריבונע, נישט פאַר דעקלאַמאַציע, נאָר אין דער שטיל־קייט פון א פאַמיליען־באַראַטונג:

„ניין, טייערער קאָלעגע שאָשקעס! איר און אַנדערע מעגן פאָרן, ווייל זיי טראָגן נישט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי איך, דער „עלטס־טער פון יודענראַט"...

איך בין דער איינציקער, וואָס מוז בלייבן ביזן סוף... איך וועל אָדער בלייבן לעבן מיט מיין עדה, אָדער אונטערגיין מיט איר"...

זיין פרוי ד"ר פעליציאַ האָט זיך דעמאָלט אַריינגעמישט און אָנ־געהויבן איר מאַן שטאַרק בעטן, ער זאָל דאָך פאָרן מיט מיר צוזאַמען. אויך ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אין קעשענע א פאַלשן פּאַס מיט אמתע וויזעס, ווי איך האָב געהאַט. זי האָט אים דערמאָנט אָן זייער איינציקן זון, — וועלכער האָט פאַרלאָזט וואַרשע און אַנטלאָפן קיין רוס־

לאַנד... זי איז געווען דעמאָלט אַ פּשוטע, טרייע פרוי, וועלכע האָט נישט געוואָלט, נישט פאַרלאַנגט קיין שום העלדישקייט פון איר מאַן.

אָבער טשערניאַקאָוו האָט זיך נישט געלאָזן איינרעדן, ער איז גע־בליבן אויף זיין פּאָסטן און ביזן סוף געטרונקען דעם ביטערן כוס.

איצט, ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט זיין אַלמנה אין וואַרשע, זע־נען ווידער אויפגעשוועמט די זכרונות פון יענע שרעקלעכע טעג...

די אַטמאָספער פון אַ פּוילישער בוכהאַנדלונג, ווו זי אַרבעט איצט אַלס קאַסירערין פאַר אַ געהאַלט פון דריי טויזנט זלאָטעס אַ חודש, וואָס האָט אויסגעמאַכט לויטן דעמאָלטיקן אומאָפיציעלן קורס זעקס דאָלאַר, איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו דעם מין געשפּרעך, צו וועלכן מיר האָבן ביידע געשטרעבט.

זי איז דעריבער געקומען צו מיר אין האָטעל „פּאָלאָניאַ". נאָכאַמאָל האָב איך באַטראַכט די דאָזיקע זעכציק־יעריקע פרוי, וועלכע קוקט איצט אויס, ווי אַ זקנה פון איבער זיבעציק. עס דוכט זיך, אַז דער גאַנצער יאָך פון גלות איז געפאַלן אויף אירע פּלייצעס... איך דערמאָן זיך די צייטן פון איר גלאַנץ, פון איר גליק. איר מאַן — דער דירעקטאָר פון מלוכהשן אינסטיטוט פאַר סחורה־אויסטויש, פריער דער אויפבוי־דירעקטאָר פון באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון; נאָך פריער דער פּרעזידענט פון אַלפּוילישן ציוניסטישן האַנטווערקער־פאַראיין; זי — די לערערין פון געאָגראַפיע — אין מלוכה־גימנאַזיע; שפּעטער אַליין אַ גימנאַזיע־פאַרוואַלטערין.

איך דערמאָן זיך די אויפנאַמעס אין זייער הויז אויף פּיענקנאַ 64; איר שמחה, ווען מען האָט אדם טשערניאַקאָוון אויסגעוויילט אַלס סע־נאַטאָר פון וואָלינער גובערניע; איר טרויער, ווען מען האָט אים באַ־שטימט אַלס פּרעזידענט פון „יודענראַט" — אַלס ראש־הקהל פון טראַ־גישן וואַרשע...

איצט זיצט זי פאַר מיר, די אַלמנה אָן אַ מאַן; די מוטער אָן איינציקן זון, וועלכער איז אומגעקומען אין די רוסישע שלאַכטן...

צעבראָכן, אָרעם געקליידעט, — איך האָב מורא צו זאָגן — הונגע־ריק — כאָטש בשום אופן ווייל זי נישט אָננעמען מיין איינלאַדונג צו עסן מיטאָג צוזאַמען: „ווי אַזוי קאָן זי זיך ווייזן אין אַזאַ קליידונג צווישן מענטשן"?...

מיר רעדן וועגן לעצטן קרבן פון איר גרויסן מאַן, וועלכער האָט זיך געסממט דעם ערשטן טאָג, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציעס קיין טרעבלינקע. שוין אין יולי 1942 האָט טשערניאַקאָוו מיט זיין זעלבסטמאָרד געוואָלט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער וועלט אויף דער שרעקלעכער יידישער לאַגע.

אין מאַי 1943 האָט זיך מיט דעם זעלבן צוועק געסממט אויף טויט אונדזער קאָלעגע, — דער פירער פון „בונד“, אַרטור זיגעלבוים — און אין מאַי 1944 האָט זיך אין ירושלים געפּרוווט סמען אַ דריטער פירער פון פּוילישן יידנטום, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ פייערדיקע קללה אויף דער וועלט; נאָר ווייל מען האָט אים גליקלעכערווייזע אָפּגעראַטעוועט, וויל איך נישט זיין נאָמען פאַרעפנטלעכן...

איך ווייס, וואָס אַזוינס פאַרביטערט דאָס לעבן פון טשערניאַקאָווס פרוי: נישט די אָרימקייט און אַפילו נישט די שרעקלעכע אבדה פון מאַן און זון, — נאָר דער פאַקט, וואָס עס האָבן זיך געפונען יידן, וואָס האָבן נאָכן טויט פאַרשוועכט דעם אָנדענק פון געטאָ־פּרעזידענט, רופנדיק אים „שוועכלינג און „דייטשער מיטאַרבעטער“.

זי זאָגט: „זעט נאָר, ווער עס פאַרוואַרפט אַלץ מיט שמוץ אדמס נאָמען: דאָס זענען דאָך די, וואָס האָבן באַוויזן לעבן צו בלייבן; וואָס האָבן קיין מוט נישט געהאַט צו וואַרפן דעם אַרויסרוף דער שמוציקער וועלט, באַצאָלנדיק דעם העכסטן פּרייז, ווי מיין מאַן האָט דאָס געטאָן“...

דערקלער איך איר, דער ד"ר פילאָזאָפיע פעליציאַ טשערניאַקאָוו — דעם וווּנדערבאַר־קלוגן און טרעפלעכן מאמר חז"ל: כל הפוסל במומו פוסל" — אַז דער, וואָס פּסלט יענעמס אייגנשאַפטן, וואָס זוכט רק פעלערן אין יענעמס מעשים — נעמט דאָס פון די טיפעניש פון זיין אייגענעם פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער... זאָל זי אדרבא אָנקוקן גוט די פאַרקריפּלטע נשמהלעך — וועלכע קריטיקירן איר גרויסן מאַן — באַנוצנדיק זיך מיט טריבונעס, אויף וועלכע זיי מיינען אַרויס אַלס אמגעבעטענע דיפּלאָמאַטן, — כלומרשטע פירער פון יידישן פאָלק. נו, — ווער האָט טאַקע מקדש געווען דעם יידישן נאָמען ברבים — איר מאַן, וואָס האָט מיטגעטראָגן שטענדיק מיט זיך אין קעשענע קערנדלעך פון אַ שאַרפן סם, כדי נישט געבראַכט צו ווערן צו אַ נסיון, אָדער יענע „גלאַטינקע

צינגעלעך", וואָס לעבן זיך לייכט און זאָרגלאָז — דעקלאַמירנדיק וועגן יידישע צרות און אַליין — ווי איר זעט — רירט דאָס זיי אַלץ — ביזן קנעפּל!

און דאָן האָט פרוי טשערניאַקאָוו מיט ציטערנדיקע הענט אַרויסגענומען פון איר האַנט־טאַש אייניקע געדיכט־פאַרשריבענע בויגעלעך פּאַפּיר און איבערגעבנדיק דאָס מיר — אַ זאָג געטאָן! „ווען איר וועט קומען קיין אַמעריקע, זאָלט איר פאַרעפנטלעכן מיין בריוו צו אייך; זאָל דאָס בלייבן — ווי אַ דאָקומענט פון יענער עפּאָכע, וועלכע וועט דאָך טויזנטער יאָרן נישט פאַרגעסן ווערן ביי יידן; זאָל דאָס בלייבן, ווי אַן עדות־זאָגן פון דער לעבנס־באַגלייטערין פון אַ מענטשן, וועלכן מען וועט געוויס אין די שפּעטערדיקע דורות אָפּשאַצן בעסער, ווי איר אַלע אין איצטיקן דור"...

און אָט איז דער דאָקומענט — דער בריוו צו מיר, געשריבן מיט בלוט פון הארצן, דורך דער יעניקער, וואָס זיצט איצט אין מיין צימער און קוקט אויס נישט נאָר אַלס די לעבנגעבליבענע פרוי פון גרויסן מאַרטירער — נאָר אַלס די פאַרפינצטערטע אלמנה פון גאַנצן וואַרשעווער געטאָ־יידנטום.

לייענט דעם בריוו איין מאָל, צוויי מאָל — וועלן אייך אַ סך זאַכן קלאָרער ווערן...

## דער בריוו

(איבערגעזעצט פון פוילישן אָריגינאַל)

וואַרשע, פעברואַר דעם 18, 1946.

צום ד"ר שאָשקעס, האָטעל פּאָלאָניאַ, וואַרשע.

חשובער, גוטער ה' דאָקטאָר!

איך בין אַזוי גערירט פון אונדזער באַגעגעניש, פון דער נייער באַגעגעניש מיט אַ מענטשן, וועלכער איז געווען דער נאָענטסטער חבר אין דער אַרבעט פון אדם טשערניאַקאָוו אין די ערשטע צייטן פון דער דייטשער אינוואַזיע. איך שרייב צו אייך דעריבער דעם דאָזיקן בריוו, כדי אויפן

ריכטיקן אופן אויסמאָלן דאָס בילד פון מיין טייערן מאַן פון זיין געטאָ־צייט.

מיר זענען צו נאָענט צו דער עפּאָכע — דער שרעקלעכסטער אין דער מענטשן־געשיכטע, — כדי צו קאָנען שוין איצט פאַרשטיין און אָפּשאַצן סיי טשערניאַקאָוון, סיי זיין קרבן אויפן מזבח פון פאַרטיידיקן דעם כבוד פון יידישן פאָלק.

צי דערמאָנט איר זיך, — ה' דאָקטאָר, — ווי שטאַרק איך האָב צו־גערעדט מיין מאַן, ער זאָל מיט אייך צוזאַמען אַוועקפאָרן? צי געדענקט איר ווי ער האָט אַן אויפגעבראַכטער מיין פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן? ער האָט געזאָגט דאַן!

„בלייבן מיט מיין פאָלק, דינען אים, פאַרטיידיקן אים אין די שווערע איבערלעבענישן, — דאָס איז מיין לעצטע שליחות אויף דער ערד"...

זיין אַרבעט אין געטאָ איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ גיגאַנטי־שער אָנשטרענגונג פון ווילן, איז געווען פול מיט דינאַמיזם און פאַרנעם, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטורעם...

אדמס באַנעמען זיך צום שונא איז געווען דורכגעדרונגען מיט גע־פילן פון זעלבסטווירדע און שטאָלץ. איך דערמאָן זיך, ווען מען האָט איינמאָל אים געוואָלט נויטן, ער זאָל זיך אונטערשרייבן אונטער אַן אויפרוף, וווּ עס איז געווען אַ באַליידיקנדיקער אויסדרוק פאַר יידן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. מען האָט אים דאַן געשלאָגן, פון די טרעפּ פון דער קהילה־געביידע אַרונטערגעוואָרפן.

אָבער — ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

איר געדענקט דאָך, איר זענט געווען צוזאַמען מיט אים, ווען ער האָט געקעמפט, מען זאָל נישט פאַרמאַכן די יידן אין אַ געטאָ. איר גע־דענקט, ווען מען האָט מיט לעבנס־געפאַר געמוזט אָנקלאָגן דאַן די געס־טאַפּאָ־פאַראָרדענונג פאַר דער מיליטערישער מאַכט, און עס האָט דאַן געהאָלפן און די געטאָ־גזירה איז אָפּגערוקט געוואָרן אויף אַ גאַנצן יאָר.

איך געדענק אויך זיין אומרו און זיין ווייטיק, ווען מען האָט אין געטאָ פאַרקלענערט די שפּייז־פּאָרציעס. ווידער האָט ער זיך געקלאָגט פאַר דער מיליטערישער מאַכט, — און פאַרבעסערט דורכדעם די לאַגע אין געטאָ.

ער האָט גוט געוווּסט, אַז זיין מעטיקייט אַלס געטאָ־פירער איז אַן אַקט פון זעלבסטמאָרד, אַז ער באַגייט אַ פאַרברעכן קעגן זיך אַליין, — אָבער פאַר אים האָט אָבער געלויכטן זיין שליחות, זיין פליכט בנוגע צום פאָלק.

טשערניאַקאָוו האָט זיך גישט באַנוצט מיט קיין שום פּריווילעגיע, וועלכע די דייטשן האָבן אים פאָרגעלייגט: מען האָט אים געוואָלט באַ־פרייען פון טראָגן די „יידישע לאַטע"; מען האָט געוואָלט דערלויבן בלייבן אין אונדזער אַלטער דירה אויסער דער געטאָ, אויף דער יידישער זייט. ער האָט אָפּגעוואָרפן אַזעלכע פאַרשלאַגן.

חברים, קריסטן, האָבן אים געראַטן, ער זאָל רעזיגנירן פון זיין אַמט, ווייל זיין לעבן איז האָפענונגסלאָז. ער האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו אַזעלכע טענות. נאָר מיט זיינע ברידער האָט ער געוואָלט בלייבן אין זייער שרעקלעכער גורל־שעה.

טשערניאַקאָוו האָט קיין שום פאַראָרדענונג קעגן יידן נישט גע־וואָלט אָננעמען אָן קאַמף, ער האָט זיך נאָר אונטערגעגעבן, ווען גוואַלד איז באַנוצט געוואָרן קעגן אים.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט צוזאַמענגעבראָכן; קיינמאָל נישט גע־גאַנגען אויף עלאַסטישע, באַקוועמע קאָמפּראָמיסן; איך האָב מיט באַ־ווונדערונג נאָכגעפאָלגט זיין פאַרביסנקייט, זיין אַלץ־וואַקסנדיקן יידישן שטאָלץ.

איך דערמאָן זיך דעם עפּיזאָד, ווען די דייטשע באַרבאַרן האָבן אָנ־געהויבן צו שאַפן אַ פילם, וועלכער איז געווען באַשטימט פאַר דער אויי־סערלעכער וועלט און געזאָלט באַווייזן, אַז יידן לעבט זיך גאָר גוט אין געטאָ.

מען האָט דאָ אויסגעמעבלירט אַ וווינונג מיטן גרעסטן לוקסוס; אַריינגעשטעלט דאָרט אַ טיש מיט די בעסטע שפּייזן און וויינען! איינגע־לאַדן דאַמען רייך געקליידעטע און אויבנאָן אַוועקגעשטעלט אַ פּאַטער ווו מיין מאַן האָט זיך גדאַרפט זעצן. ער האָט דאַן שאַרף אָפּגעזאָגט. די געסטאַפּאָ האָט געדראָעט מיט טויט. מיט מאַטערן אים. ער האָט ענדגיל־טיק זיך אָפּגעזאָגט...

עס איז אַ שאָד, וואָס איר האָט פון זיין העכסטן דערהויבן זיך, —

אים נישט געקאָנט זען אין יענע טעג, ווען ער פלעגט אויפהויבן פון ברוק קראַנקע, צעקאָלעכ־שעטע פון ווונדן פאַרלאָזענע קינדער. ער פלעגט זיי נעמען אויף די קני, פלעגט זיי שפייזן, צערטלען... ווען איך האָב אים איינמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס קינד איז פול מיט ווערים, אַז ער קאָן זיך נאָך אָנשטעקן מיט אַ קראַנקהייט — האָט ער פּראָטעסטירט: „זינדיק נישט! דאָס קוש איך די ווונדן פון מיין פאָלק"...

מען האָט אים פיל מאָל געשלאָגן, באַליידיקט; מען האָט אים פיל מאָל אַרעסטירט, — אָבער ער האָט געשוויגן און מיט ווירדע געטראָגן זיין שיקזאַל.

ער האָט דאָס אַלץ אויסגעהאַלטן, ווייל ער האָט געוווּסט ווי זיין פאָלק צו דינען. דאָס איז געווען זיין רעליגיע, זיין מיסטיק, זיין אויפשוווּנג.

מער ווי אַלץ האָט ער מורא געהאַט, אַז די יידן אין געטאָ זאָלן פאַרלירן זייער כאַראַקטער, זאָלן זיך נידעריק מאַכן...

ער האָט פיינט געהאַט און פאַרפאָלגט די יידישע „קאָלאַבאָריישאָניסטן" אָט די אַלע, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן שונא.

ער האָט אָרגאַניזירט אַרבעטן אין געטאָ; אַ נעץ פון נידעריקע און העכערע שולן, ער האָט מאָביליזירט לערערס, פּראָפעסאָרן, אַרטיסטן און קינסטלער.

ער האָט אויפגעבויט אַ שול־נעץ, וואָס האָט פאַרווונדערט פּוילישע געלערנטע, וועלכע פלעגן קומען אין געטאָ צו די עקזאַמענס.

און די טעאַטערן, די סימפאָנישע קאָנצערטן...

און ווען עס איז געקומען די שרעקלעכע שעה, ווען דער טויט־אורטייל אויפן יידישן פאָלק איז אונטערגעשריבן געוואָרן, האָט זיך טשערניאַקאָוו געביטן: איך האָב שוין אין אים נישט געזען זיין פריערדיקע ענערגיע, אָבער עפּעס אַ העכערער גייסט האָט געלויכטן דאַן פון זיינע אויגן; דער גייסט פון זיך מקריב־זיין, פון גיין צום הימל צוזאַמען מיט זיין פאָלק.

איך האָב דעמאָלט געפילט, אַז זיין באַשלוס איז שוין אָנגענומען.

ער איז אַוועק שטיל, נישט קלאָגנדיק זיך, אָבער אין טיפן גלויבן, אַז זיין קרבן וועט אפשר אויפוועקן די גלייכגילטיקע וועלט, וועט אפשר ראַטעווען זיינע ברידער.

אמבעסטן האָט כאראקטעריזירט טשערניאקאָוו טאָט ד"ר יאַנוש קאָרטשאַק, דער זעלבער, וואָס איז מיט צוויי מאָנאַטן שפּעטער אומגעקומען, פירנדיק זיין יתומים־הויז קיין טרעבלינקע.

ביים פרישן קבר פון מיין מאַן האָט ד"ר קאָרטשאַק געזאָגט:

„גאָט האָט דיר אָנגעטרויט דעם כבוד פון דיין פאָלק, און צו גאָט האָסטו דעם כבוד צוריקגעגעבן". טשערניאַקאָוו איז געווען דער ערשטער יידישער אויפשטאַנד אין געטאָ!

ווען די צייט איז געקומען, האָבן זיינע ברידער דעם רוף פארשטאַנען: זיי זענען אויפגעשטאַנען און זיך געוואָרפן אויף די באַרבאַרן אין שפּעטערדיק אומפאַרגעסלעכן אויפשטאַנד.

טשערניאַקאָוו איז אויסגעוואַקסן אין זיינע געטאָ־יאָרן; ער איז געווען נישט אינגאַנצן פאַרשטענדלעך פאַר זיין סביבה.

איצטער איז נאָך פרי אים צו פאַרשטיין און ריכטיק אָפּשאַצן, — אָבער נאָר אין די קומענדיקע דורות וועט זיין קרבן ריכטיק באַלויכטן און אָפּגעשאַצט ווערן."

:: :: ::

דאָס איז דער בריוו...

די אלמנה פון דעם וואַרשעווער געטאָ וויינט אויס איר צער פאַר דער יידישער געשיכטע.

X

# אָטוואָצק

היינט פאָר איך קיין אָטוואָצק, צו יענעם וואַלדיקן ווינקל הינטער וואַרשע, ווו יידן פלעגן דורות־לאַנג זיך אַרויסכאַפּן פון די דומפּיקע, שטויביקע גאַסן אַרום נאַלעווקעס־טוואַרדע, צו אָטעמען פרישע לופט.

איך פיר מיט זיך צוויי גראַמאָפאָנען מיט די בעסטע מוזיק אויף פּלאַטן — אַ מתנה פאַר די פאַריתומטע קינדערלעך, וואָס דערציען זיך אין אָטוואָצקער „היים פאַרן קינד" און פאַרן אינטערנאַט „קינדער־בלומען", וועלכער ליגט שוין אין די וועלדער פון שטעטל שרודבאָרוב.

און כאָטש דער טאָג איז אַ זוניקער און דער אַספאַלט פון וועג גלאַנצט מיט זיין נייקייט, אַזוי ווי אַמאָל, פאַרן קריג, ווען איך פלעג אַזוי אָפט דאָ פאָרן פאַרברענגען מיין „וויקענד" אין איינעם פון די האָטעלן אין יענעם מיט סאָסנע־וואַלד געבענטשטן ווינקל, — ווערט מיר אַלץ אומעטיקער אויפן האַרצן, ווען מיין „דזשיפּ" פאָרט אַריין אין דער שמעקעדיקער אַלייע, וואָס ציט זיך אַרום פופצן מייל לאַנג און שניידט דורך פלעצער מיט נעמען, פון וועלכע יעדער איז אַ ריס אין דער נשמה.

צי האָט איר פרובירט אַמאָל קומען צוריק צו אַ הויז, צו אַ שטאָט, ווו איר האָט געזען שיינע טעג און יאָרן, ווו אייערע ליבע און נאָענטע האָבן געוווינט, און נאָכדעם געפינט איר דאָ אויפן פּלאַץ דאָס זעלבע הויז, די זעלבע שטאָט, די זעלבע ביימער און בלומען — מער נישט. די מענטשן, וואָס וווינען דאָ, זענען אַנדערע, פרעמדע... איר זוכט דעם אָפּ־

קלאַנג פון אמאָליקע פריידן אין גערטל, אָדער נעבן ברונעם, אָדער אין דער לופט ארום, אָבער איר פילט גאָרנישט, איר הערט גאָרנישט — מ׳עהר נישט ווי אַ שאַרפע בענקשאַפט ווי אַ נאָדל שטעכט אייך דורך אַ גאַנצן.

אין יענעם ליכטיקן טאָג, ווען איך בין געפאָרן מיט מיין אויטאָמאָ־ביל דורך דער באַרימטער „אָטוואָצקער ליניע״, האָב איך זיך געפילט, ווי איך בלעטער די זייטן פון אַ בוך מיט יוגנט־זכרונות, אָבער איך בין שוין אַלט, אַזוי שרעקלעך אַלט און אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט יענע בוגטע זכרונות, איז שוין טויט, שרעקלעך טויט...

נו, קאָנט איר דען גלייכגילטיק פאַרבייפאָרן דעם זומער־אָרט מיע־דזעשין, ווו צווישן ביימער און בלומען, צווישן געשניצטע באַלקאָנען פון יידישע „דאַטשעס״ איז געשטאַנען דער פּרעכטיקער קינדער־גן־עדן, די מעדעם־סאַנאַטאָריע, אין וועלכער אַ גאַנצן קיילעכדיקן יאָר האָבן צו איי־ניקע וואָכן געאָטעמט מיט פרישער לופט, מיט אַ געזונטער יוגנט־פרייד — אָרימע קינדערלעך פון די פינצטערע קעלערס און בוידעמער, פון די שטויביקע וואַרשעווער הויפן?

איך האָב זיי דאָ געזען דורכפאָרנדיק, אין גאַנצן אַ חודש פאַרן קריג, אין אויגוסט 1939.

מיט מיר איז געפאָרן מיין עלטערער זון, דאַן אַ יונגער סטודענט אין לאָנדאָן. מיר האָבן זיך ביידע אַזוי שטאַרק אַמוזירט, געשפּילט זיך מיט די קינדער, באַזוכט זייער טעאַטער, זייער מוזיי; געלייענט זייער יידישע צייטונג, געשריבן און רעדאַגירט דורך די קינדער אליין: גערעדט מיט די אידעאַליסטן־לערערס און לערערינס, וועלכע האָבן אַזוי פיל ליבע אריינ־געלייגט אין דער אַרבעט פון ברענגען ליכט און פרייד און וויסן צו דער פאַרחושכטער אָרימקייט פון די משהלעך און שלמהלעך...

עטלעכע הונדערט קינדער זענען זיי דאָ געווען אין 1942 יאָר, אין יענעם פאַרשאָלטענעם זומער, ווען די נאַצי־באַנדיטן האָבן ליקווידירט די מיליאָנען יידן אין פּוילן. זיי זענען געקומען אויך דאָ קיין מיעדזשעשין — ארומגערינגלט דעם קינדער־גן־עדן, אָנגעיאָגט עלטערע יידן פון אומ־געגנט און באַפוילן זיי צו גראָבן אַ לאַנגן קבר, אפשר אַ מייל די לענג. און נאָכדעם האָט מען אויסגעשטעלט די קינדערלעך, ווי שעפעלעך, אָט דאָ טאַקע ביים עק פון וואַלד, ביי וועלכן איך האָב זיך איצט פאַרהאַלטן...

נג, און מען האָט זיי אַלעמען צעשאָסן — זיי מיט די לערערס, מיט די־דערציערינס... מען האָט זיי אַלעמען אין גרוב פאַרשאָטן מיט זייער געלעכטער, וועלכער האָט נאָך נישט באַוויזן זיך פונאַנדערצוהילכן אין לעבן — זיי, די קוים אַרויסגעוואַקסענע בליטן, וועלכע האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך פונאַנדערבליען אין די אַזוי צוזאַגנדיק בונטע בלומען...

און זאָל מיר דער לייענער מוחל זיין אַ שטיקל פּערזענלעכן עפּילאָג פון אָט דער טראַגעדיע אין יונגן סאָסנע־וואַלד: דאָס איז געווען ענדע 1943, ווען אין אַלע צייטונגען האָט אָפּגעקלונגען די געשיכטע פון דאָזיקן קינדער־מאָרד. מיין זון, וועלכער איז דאַן געווען אַ פליער אין ענגלאַנד, האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוול: „נעכטן האָב איך נקמה גענומען פאַר די קינדער אין מעדעם־סאַנאַטאָריע. שוין אייניקע וואָכן, ווי איך קאָן נישט שלאָפן, ווי איך קאָן נישט רוען זינט איך האָב די געשיכטע געלייענט. איך האָב דערציילט וועגן דעם די אַכט ענגלענדער, מיינע חברים אין „באָמבער". אויך זיי זענען געוואָרן אויפגעבראַכט. נעכטן האָב איך אויף אַלע אונדזערע באָמבעס אויפגעשריבן מיט קרייד אין העברעאיש: „נקמה" און מיר האָבן זיי געוואָרפן איבער בערלין. יעדעס מאָל, ווען אונדזערע באָמבאַרדירער האָבן געקוועטשט דאָס קנעפּל און אַ טאָן די־נאַמיט האָט געקראַכט אויפן פלאַמענדיקן סדום, האָב איך געשעפּטשעט, ווי אין אַ תפילה: „פאַר די אומשולדיקע קינדער, וואָס איר האָט דערמאָרדעט: פאַר זייערע עלטערן און לערער"...

זיבן און פערציק מאָל האָט דער פלאַט־לייטענאַנט פון דער „ר.א.ף.", לייבל שאַשקעס, באָמבאַרדירט דייטשלאַנד און ווען איך האָב זיך איצט מיט אים געטראָפן אין פּאַריז, בעת מיין רייזע קיין פוילן, האָט ער אַלץ געגלויבט, אַז ער איז לעבן געבליבן נאָר בזכות פון יענע באָמבעס מיטן העברעאישן אויפשריפט: זיי ווערן אַבערגלויבעריש — אונדזערע קינדער, די נקמה־נעמער... אָבער אויך אמתע אמונה הויבט אָן לאָזן וואָרצלען אין זייערע יונגע הערצער.

און נאָכדעם פאָרט מיין אויטאָמאָביל דורך פאַלעניצע, אַמאָל אַ יידיש שטעטל פול מיט חסידים; מיט אַ הילצערנעם וואָקזאַל, אַרום וועלכן די באַוועגונג איז געווען ענלעך צום „טיימס סקווער", אָדער צום „פּיקאַ־דילי סוירקוס" אין לאָנדאָן; מער נישט, פיל־פיל־נערוועזער, מיט ווייי־

ניקער סדר, מיט פאַכנדיקע קאַפאָטעס, מיט יידענעס אין שייטלעך, וועלכע מראַגן קערבלעך, פון וועלכע עס קוואָקען קאַטשקעס, קרייען הענער... מיט בעקנס פול מיט קלעפעדיקן פלאָדן, באַדעקט מיט פליגן; מיט קאַשיקעס בייגלעך, אַ טוץ פאַר אַ פינפער, מיט ייִנגעלעך אין שוואַרצע קאַשקעטלעך, באַצירט מיט אַ טלית־קטן, פון וועלכע די ציצית שלעפּן זיך אַזש אויפן גערלן זאַמד... פאַלעניצע — די זומערדיקע הויפּט־שטאָט פון גערער רבין שליט"א — ווו איך האָב בייגעוווינט דעם באַרימטן ברית פון זיין בן־זקונים (דער רבי אליין איז דעמאָלט שוין געווען אַ בן־שבעים און איז היינט אין ירושלים). דאָס איז געווען אין אַ שבת. די וועלדער אַרום פאַלעניצע זענען שוין פון פרייטיק אָן געווען געפּאַקט מיט טויזנטער חסידים, וועלכע זענען זיך אָנגעפאָרן אַלס געסט צו זייער געליבטן רבין. אַ ים מיט בערד: ווייסע, געלע, שוואַרצע, ברוינע, האָט זיך געמישט מיט דער מחיה־דיקער גרינקייט פון די סאָסנעס און יונגע לאָנקעס, ווו אויפן פרישן גראָז זענען געלעגן, געזעסן, געשטאַנען שבת־יום־טובדיקע יידן — אורחים אויף דעם רבינס שמחה.

און פון מיכאַלין, פון דערבייאיקן שמעטל, זענען מיר אַרויס אָנקוקן דעם ברית. דער געשטאָרבענער רעדאַקטאָר פון „היינט", אברהם גאָלד־בערג, דער דערהרגעטער אין געטאָ ברווזנדיקער פובליציסט אהרן איינהאָרן און איך.

מיר זענען דאַן געגאַנגען האָפערדיק־זומערדיק — געסט אויף אַ פרעמ־דער חתונה... מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז דאָס געווען: די וועלט איז געווען יונג און מיר, פריילעכע און האָפענונגספולע, זענען מיר פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ גרופּע יונגע חסידים, שוואַרץ־באַבערדלטע יונגעלייט, וועל־כע האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן די „חצופים", היינט־וועלטיקע, וואָס גייען שבת און אָן היטלען דירעקט צום רבינס ברית.

„וואָס איז דאָס פאַר אייך? אַ טעאַטער, רחמנא־ליצלן, אַ צירק. ווו איר גייט הנאה האָבן? גייט, גייט זיך צוריק, פון וואַנען איר זענט געקו־מען"...

און דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ טאָן און מיט אַזעלכע אומ־צווייִדייטיקע נענועים מיט די הענט, אַז מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן צוריק צו אונדזער ווילאַ אין מיכאַלין. דער היציקער „געלער" איינהאָרן האָט



ד"ר. שאשקעס
מיט זיין זון ליב,
לופט-פליער פון
דער ענגלישער
ארמיי, בעת
זייער באגעגעניש
אין פאריז.



אין אטוואצקער יתומים-הויז
ד"ר. שאשקעס צוזאמען מיט סטעפאניא ווילטשינסקי
(געוו. מיטארבעטערין פון יאנוש קארטשאק) און
פרוי שניקנאלד.

לכתחילה אפילו געפרווווט פראָטעסטירן, אָנגערופן די באַבערדלטע חסידים „ווילדע מענטשן, וואָס איר זענט", אָבער עס האָט נישט געהאָלפן: מיר האָבן זיך פּלוצלינג דערפילט צווישן אַ מענטשן־ים פון קעגנער, פאַר וועלכן „שבת און רבי" זענען הייליק און אָן קאָמפּראָמיסן. פאַר נייגעריקע טוריסטן איז אין יענעם הייסן שבת אין פּאַלעניצע קיין אָרט נישט געווען...

איצט קוק איך אָן יענע ווילאַ, ווו דער ברית איז פאָרגעקומען: צוויי קאַטוילישע נאָנעס מיט פינצטערע פרומע פּנימער, מיט פאַרשנירטע ליפּן, אין ברייטע געפאַלדעוועטע שוואַרצע קליידער גייען אונדז אַרויס אַנטקעגן: געמיינט, אַז דער אויטאָמאָביל איז געקומען צו זיי צו גאַסט. אויפן טויער אַן אויפשריפט: „הויז פאַר אַלטע פון די שוועסטערס פון הייליקן האַרץ אָרדן"...

קוואַטש! צביעות! נישט קיין „הייליקע", נישט קיין „שוועסטער" און געווים שוין נישט קיין „האַרץ"! אַ מאָרד איז דאָ געשען, אַ ווילדער מאָרד איבער אַ פאָלק, איבער מיליאָנען אומשולדיקע!

און פאָרט: איז דאָך דאָס דער זעלבער פּלאַץ, די זעלבע ביימער און דער זעלבער הימל איבער מיר. איך הויב אויף צו אים די אויגן און אין ווייטיקלעכן פּראָטעסט וויינט מיין נשמה...

און אָט פאָר איך ווייטער פאַרביי יוזעפאָוו, שווידער, ווו איך האָבי פרייד און זון און יוגנט געזען; ווו גאַנץ וואַרשע, די פרייע, די חסידישע, די אַריסטאָקראַטישע אָדער באַלעבאַטישע איז זומער אויף דער דאַטשע אַרויסגעפאָרן, ווו שידוכים זענען געשלאָסן געוואָרן, ליבעס האָט מען געשפּילט; דאָס ביסל עולם הזה פון גלות־לעבן האָט מען פאַר קליין־געלט איינגעקאַסירט... ווער פון אונדז איז כאָטש איין מאָל דאָ נישט גליקלעך געווען, אויף פליגלען פון האָפענונגען און חלומות געשוועבט. דאָ געדענק איך אויף אַ באַנק, נעבן גרינעם פּלויט האָבן דיסקוטירט מיט זייער עבט־פּוילישן „ענק" און „יאַך" יידישע שרייבער. דאָ אין יענעם „פּענסיאָנאַט יעווגעניאַ", שוין האַרט נעבן אָטוואָצק, פלעג איך מיינע „וויק־ענדס" פאַרברענגען צוזאַמען מיט קיפּנים, מיט זמרה זעליגפעלד, מיטן כקולפּטאָר אָסטזשעגאַ. עס פלעגט אונדז באַזוכן אַלס גאַסט דר. יהושוע גאָטליב, שמענדיק אַביסל סקעפּטיש־ציניש, אַלאַ דוד פרישמאַן — אָבער וואַרעם־אויפריכטיק, ווען עס פלעגט קומען צו ארץ־ישראל. און אַ צווייטער יהושע

פּראָפּוס, פון „מאָמענט״, האָט דאָ אַלץ אַ שידוך געזוכט. אפשר פּערציק יאָר געזוכט און געפאַלן ענדלעך אין געטאָ אַלס אַ חתן פון טויט.

עס זיצן אין ווינקל אויף דער וועראַנדע ז. סעגאַלאָוויטש, דער שטענדיק אין עמיצן פאַרליבטער דיכטער, און יוסף טונקל, דער פילאָזאָפישער הומאָריסט. זיי דערציילן זיך מעשיות וועגן די אומציייליקע נצחונות, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן איבער פרויען, איבער וווּנדערבאַרע שיינהייטן, פּרינצעסינס פון טויזנט און איין נאַכט... „זאָלן זיי דערציילן, וועמען אַרט דאָס? דערציילט אייך! סיי ווי סיי וועט מען מיר, דיר און זיי נישט גלויבן״...

אַ שטיק געשיכטע פון יידישע ליטעראַטן און יידישער ליטעראַטור האָט זיך יאָרנלאַנג געוועבט הינטער די ווייסע ווענט פון איצט פאַרשקלאַפטן „פּענסיאָנאַט עאוגעניאַ״ אין אָטוואָצק. אָרימע יידישע ראָמאַנטיק, וועלכע איז דאָ פאַרוועלקט געוואָרן אין אירע יונגע יאָרן, וויי־וויי וועט זי ווידער אויפבליען? אפשר אין לעיקוווד? איך גלויב קוים...

און דערקעגנסטו יענץ ברוין־געפאַרבטע הילצערנע הויז מיטן גרויסן באַלקאָן צווישן די סאָסנע־ביימער. פאַרהאַלט זיך אַ מינוט און דערמאָן זיך: ביסט געקומען דאָ איינמאָל אַ שבת־פאַרנאַכט צו „שלש סעודות״ ביים מאַדזשיצער רבין (היינט אין ניו יאָרק). דו האָסט זיך פאַרשטעקט ערגעץ צווישן גרויסן עולם חסידים, כדי נישט אַרויסרופן צופיל אויפמערקזאַמקייט, ווייל מען האָט דיך שוין דאַן געקענט אַלס אַ שרייבער אין די „בלעטער״. אַ זומער־פאַרנאַכט האָט זיך לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט אין אַ שבת־צו־נאַכטס... די גרינע ביימער זענען געוואָרן אַלץ טונקעלער און אָנגעהויבן שוואַרצן זיך, ווי לאַנגע אויסגעצויגענע שאָטנס.

חסידישע און וועלטלעכע יידן זענען אַראָפּגעקומען דאָ, געזעסן און געשטאַנען אויף טישן און אויף בענק, כדי צו הערן די וווּנדערלעך־אימפּראָוויזירטע ניגונים פון רבין... די „מעניו״ איז באַשטאַנען פון הערינג, ציבעלע, עסיק און חלה, אָבער ווי באַטעמטער, ווי זיסער איז דאָס עסן געווען פון די רייכע „עוף־באַנקעטן״, מיט וועלכע מען קאָרמעט אונדז דאָ אין די לוקסוס־האָטעלן.

הערינג מיט ציבעלע מיט עסיק און איבער דעם טראָגט זיך אַ ניגון געזונגען פון רבין, דאַן נאָך מיט אַ שוואַרצער באָרד... אַ ניגון מיט גלגולים

פון מאַזאָוויע, געבוירן מיט הונדערטער יאָרן צוריק אין די זעלביקע שבת פאַרנאַכטן ביי ענלעכע סעודות פון אונדזערע עלטער־זיידעס, אַ ניגון מיטן קרעכץ פון אונטערן בייטש פון אַ פּריץ, מיטן טרער פון אַ באַליידיקטער יידישער טאָכטער, מיטן אריינגעפלאָכטענעם געזאַנג פון מלכותדיקן בטחון. איך הער אין דעם ניגון דעם טופען פון די פיס פון אַ גאַנץ אין חסידים־שטיבל, פון אַ קאַראַהאָד, אין וועלכן עס דרייען זיך אין דבקות — אַקסל צו אַקסל, באָרד ביי באָרד — אָפּגעריסענע וואַסער־טרעגער, האַלב־הונגעריקע שניידערלעך, לופט־קרעמערלעך, דיסציפּלינירטע קינדער פון רבונו של עולם, וועלכע גלויבן באמת ובאמונה, אַז דווקא זיי האָט מען דאָס אויסגעקליבן פאַר דער אַזוי זיסער, אַזוי זאַפטיקער מתנה פון הייליקן שבת, וועלכער אָט־אָט פאַרגייט ער, אָט־אָט פאַרלאָזט ער זיי...

און דער רבי זינגט און אַ כאָר פון חסידים האַלטן אונטער פלאַמענדיק, האַרציק, נישט קיין ניגון איז דאָס, נאָר אַ געבעט, נאָר אַ מעשה, אַ געשיכטע פון אַ בן־מלך, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וואַסער־טרעגער מיט אַ צעשויבערטער באָרד אין אַ צעריסענער קאַפּאָטע, פון וועלכער עס שמעקט אַרויס דאָס רויטע טיכל פון הינטן — מיט הערינג און ציבעלעס... עס איז אָבער פינצטער, מען הערט נאָר די מוזיק, מען זעט נישט די ווירקלעכקייט, כישופט זי אויך מיר... פאַרשליס די אויגן! צינד נישט אָן די הבדלה! מענטשן זינגען, יידן טאַנצן... דאַנקען גאָט דערפאַר!...

און איצט? עפּעס אַן אַלטע גויע דרייט זיך אין יענעם הויף, ווו דעם מאַדזשיצערס ניגונים האָבן חסידים באַצויבערט. קינדער מיט פלאַקסענע קעפּלעך שפּילן זיך דאָרט אין באַהעלטעניש... אַוועק די שכינה... מגולגל געוואָרן דער ניגון...

:: :: ::

איך פאָר ווייטער: יעדע גאַס דערמאָנט וועגן אַמאָליקן אַטוואַצס מיט די הייזער, מיט די מענטשן. „איך האָב אַ ברכה אויף די ליפּן, נאָר וועמען, וועמען זאָל איך בענטשן?"...

„זכרונות פון די יונגע טעג,
זיי מאַכן פינצטער מיין וועג"...

און אָט איז די ווילע, די ווייסע געביידע אין סאָסנע־וואַלד, ווו עס געפינט זיך איצט די קינדער־היים פאַר אונדזערע יתומים. זי הייסט אויף פוילִיש „דאָם דזשיעצקאַ״, אַזוי לייען איך אויפן שילד. אָבער איך געדענק דאָך: דאָ איז געווען דער „פענסיאָנאַט״ (האָטעל), וואָס האָט באַלאַנגט צום באַקאַנטן יידישן ביכער־פאַרלעגער ב. שימין, דער שווער פון מיין פריינט — אונדזער ש. ל. שניידערמאַן. עס איז געווען דאָ אין יענע יאָרן אַ ליכטיקער זאַמלפּונקט פון יידישע אינטעליגענטן, אַ בית־ועד לחכמים וסופרים. עס האָבן אין די גרויסע זאַלן אָפּגעקלונגען די אייביקע דיסקור־סיעס פון דער יידישער ווירקלעכקייט, און אַלע זענען זיי געווען באַהויכט מיט דער איידעלער קליינער פיגור פון שטענדיק שמייכלענדיקן משכיל ב. שימין... אויך ער איז אוועק אין בלוטיקן שטורעם — ער און זיין משפחה און זיינע געסט...

איצט שפּילן זיך קינדערלעך דאָ, יתומים צונויפגעזאַמלטע פון גאַנצן געגנט אַרום; איבער הונדערט וווינען זיי דאָ אין די ליכטיק־ליכטיקע צי־מערן פון קינדער־היים. זיי ווערן אויסגעהאַלטן פון צענטראַלן יידישן קאָ־מיטעט אין וואַרשע. מען לערנט זיי, מען שפּייזט; מען זינגט מיט זיי... גראָד איצט הערשט אַ גרויסע שמחה צוליבן גראַמאָפאָן, וואָס איך האָב געבראַכט מיט זיך.

מען בייט שנעל איין פּלאַטע נאָך דער צווייטער. קינדער דערקענען די מעלאָדיעס, זינגען מיט. מען שפּילט „בובליטשקי״, דאָס פּאָפּולערע רו־סישע ליד וועגן בייגעלעך.

רוקט זיך אַרויס פאָראויס אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף מיט אויגן אַזעלכע אומעטיקע, מיט קנייטשלעך אַרום יונגן מויל. זי זינגט די „בוב־ליטשקי״ אויף יידיש מיט גאַנץ אַנדערע ווערטער, וועלכע איך איל זיך צו פאַרשרייבן:

„קויפט געטאָ־בייגעלעך, קליינע ווי אייגעלעך, —
צעקוועטשטע בייגעלעך דאָ, ווי איר זעט:
אַ מאַרק אַ בייגעלע פון שוואַרצן טייגעלע, —
קויפט ביי דער מיידעלע ביים קאָמיטעט״...

פאַרמאַכט צו אַביסל די אויגן, וועט איר דערזען: אַ געטאָ־וואַנט, נעבן וועלכער עס וואַלגערן זיך נאַקעטע מתים, צוגעדעקט מיט פּאַפּיר;

בייזע וועכטער דרייען זיך נעבן וואנט; פון דער ווייטנס הערט מען א שיסעריי; יידן און יידענעס, ווי שאָטנס, קומען און פאַרשווינדן; און דאָרטן ביים טויער, „נעבן קאָמיטעט", שטייט א מיידעלע, טאַקע דאָס זעלבע מיידעלע — נאָר אין שמאַטעס געקליידט, מיט א דערשראָקענעם בליק, א יתומהלע: נעכטן האָט מען צוגענומען טאַטע־מאַמען אויף אייביק. פאַרקויפט זי בייגעלעך, געטאָ־בייגעלעך...

אָ, זיי גייען מיר נאָך די קאָשמאַרן, זיי מאַטערן מיך אפילו אין אָנבליק פון די קינדער, וואָס זינגען אַרום גראַמאָפאָן.

אַרויסנעמען זיי פון דאַנען, פאַרשפאָרן כאָטש זיי אין דער צוקונפט די שרעקן, וואָס האָבן פאַרסמט זייער קינדהייט.

מיר פאַר אייערע קעפּעלעך, יתומימלעך פון מיין פאָלק!

XI

# שטעטלעך און יידן

די גאנצע צייט, וואס איך בין אין ווארשע, ענבערט מיין מוח דער געדאנק, אז אינגאנצן א הונדערט מייל פון דאנען געפינט זיך דאך ביאַליסטאָק, מיין געבורט־היימאט, ווו אויפן אלטן און אויפן נייעם בית־עולם רוען די ביינער פון מיינע עלטער־זיידעס, פון מיינע זיידעס, פון מיין טאטע־מאמע... פון ביאליסטאָק האָט מען אויך אוועקגענומען קיין טרעבלינקע מיינע דריי שוועסטער — רבקה, לאה און רחל — מיט זייערע מענער און קינדער, ערגעץ פארברענט, אויף אש צעמאָלן. זייער קבר איז די ברייטע וועלט, די לופט ארום מיר, מיט וועלכער איך אָטעם...

אין ביאַליסטאָק בין איך אין חדר געגאנגען, אין שולעס געלערנט, ווי א יונגער שוואלב געפרווט מיינע פליגלען צעלאָזן און אין די הימלען פליען...

אָבער מיט וועמען נאָר איך רייד אין ווארשע, אז אָט־אָט מוז איך איבעררייסן אויף א ווײַלע מיין אַרבעט דאָ און אוועקפאָרן קיין ביאַליסטאָק — טענהן אלע, איך זאָל דאָס למען השם נישט טאָן.

די רייזע קיין ביאַליסטאָק איז געפערלעך. אין די פעלדער אויפן וועג געפינען זיך גוט אָרגאַניזירטע באַנדעס פון דער „ארמיא קראיאָווא". — די פּאַרטיזאַנען — וואָס קעמפן קעגן דער איצטיקער רעגירונג. ספּעציעל זענען נישט זיכער מיט זייער לעבן יידן, — קעגן וועלכע די דאָזיקע פאַ־

שיסטישע באנדעס פירן א ספעציעלע מלחמה. בעסער ריזיקירט נישט מיט אייער לעבן.

אָט אזעלכע ווערטער הער איך פון אַלע זייטן, פון יידן און פון קריסטן, — פון אָפיציעלע פערזאָנען און אפילו פון מיין פוילישן שאָפער, וועלכער, ווי מיר דוכט זיך, איז שוין אביסל צו גוט אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין די וועלדער...

איך בין זיך מיישב מיטן שעף פון דער אמעריקאַנישער מיליטערי־שער מיסיע. ער איז א קאָראָנעל און וועט גלאט נישט פּלאַפּלען. אויך ער זאָגט, איך זאָל כאָטש אָפּוואַרטן, ביז עס וועט קומען צוריק די גרופּע אמע־ריקאַנער מיליטערישע אויטאָמאָבילן, וועלכע זענען ארויסגעפאָרן אין א ספעציעלער מיסיע, באַגלייט פון גוט־באַוואָפנטע סאָלדאטן.

אָבער אין הארצן ווייס איך שוין פון לאַנג, נאָך פון ניו־יאָרק אָן, אז אויב עס איז מיר שוין יאָ באַשערט פאָרן קיין פוילן, וועל איך ביאַליסטאָק נישט אויסמיידן, מעג עס זיין ווי געפערלעך, מעגן שלאַנגען און עקדעשן לויערן אויף מיינע טריט.

איך האָב זיך אַליין געזאָגט: „ווי וואָלסטו געקאָנט אָנקוקן אין די אויגן דיינע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, און דיינע ביאַליסטאָקער אין בוע־נאָס איירעס, אין סאַנטיאַגאָ, אין מאָנטרעאַל און שיקאַגאָ. דו וואָלסט זיך דערשראָקן און צוריקגעקומען, נישט ברענגענדיק מיט זיך דעם אָטעם פון די חורבות און דעם ריח פון דעם אש פון זייער אויסגעחלומטער געבורט־שטאָט.

פּונקט דיזעלבע געדאַנקען האָבן נישט געלאָזן צורו אַן אנדער חשובן לאַנדסמאַן מיינעם, וועלכער האָט זיך גראָד געפונען אין ווארשע, געוווינט אין זעלבן האָטעל מיט מיר, — און דאָס איז דער עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון יידישן ארבעטער קאָמיטעט אין אמעריקע, יעקב פּאַט.

מיר פּלעגן איינער דעם אנדערן דערציילן די שרעקנס, מיט וועלכע מען סטראַשעט אונדז, און שטענדיק פונדעסטוועגן ענדיקן: „אָבער מאַנטיס גאַנץ פרי פאָרן מיר ארויס קיין ביאַליסטאָק. מעג דער אשמדאי אַליין פאַר־שטעלן דעם וועג“...

— געוויס פאָרן מיר.

איך האָב געהאַלטן פאַר ראַטזאַמער נישט צו באַנוצן צו דער רייזע

קיין מיליטערישן אויטאָמאָביל מיטן אביסל נישט זיכערן פוילישן שאָפער און אָננעמען די איינלאַדונג פון פריינט פּאַט, וועלכער האָט געהאַט צו זיין דינסט אַן אויטאָמאָביל מיט אַ יידישן שאָפער. אויפן פראָנט פון אויטאָמאָביל האָבן מיר אויסגעהאנגען די געבענטשטע אמעריקאַנער פאָן, און דאָס צוזאַמען מיט מיין אָפיציר מונדיר האָט געדאַרפט דינען פאַר אַ שטיקל שמירה קעגן אַ מעגלעכן אָנגריף פון פאָליטישע באַנדיטן.

אין אָוונט, ערב מיין אַרויספאָרן, האָט מיך באַזוכט אין צימער אַ גאָר געהויבענער גאַסט, דער שעף פון דער זיכערהייט־פּאָליציי פון דער פוילישער רעפּובליק. געקומען איז ער אין באַגלייטונג פון אַ דאַמע, פאַר וועלכער איך האָב געהאַט אַ פּערזענלעכן גרוס פון אַמעריקע.

די דאַמע האָט נישט געוואָלט אַרויפגיין אין אַ האָטעל־צימער אַליין, האָט זי דעריבער, צוליב „זיכערהייט־צוועקן" מיטגענומען מיט זיך דעם זיכערהייט־מיניסטער אַליין... זיכער איז זיכער!

דער גאַסט מיינער איז אַ פּאָלקאָווניק; אויף זיין מונדיר פון גענעראַל־שטאַב, הענגען אויסצייכענונגען פאַר סטאַלינגראַד און — בערלין.

איך פרעג אים, צי מיר האָבן זיך געקענט פאַרן קריג, ענטפערט ער מיט אַ שמייכל:

— איך גלויב קוים. איך בין יענע יאָרן געזעסן אין די געהויבענע „האָטעל־צימערן" פון די קאַטאָרזשנע תפיסות נעבן קיעלץ און אין ראַוויטש. דעמאָלט האָבן זיי מיך געהאַלטן; איצט האַלט איך זיי...

איך דערצייל אים ביי דער געלעגנהייט וועגן אונדזער מאָרגנדיקער רייזע קיין ביאַליסטאָק.

ער פאַרטראַכט זיך און גיט לאַנגזאַם אַ זאָג:

— מילא, איר פאָרט — און פרעגט דאָך מיין עצה נישט. דאָס איז אייער זאַך. אָבער איך דאַרף אייך פונדעסטוועגן אינפאָרמירן, אַז גראָד איצט פירן מיר דורך, צוזאַמען מיט דעם רוסישן מיליטער, אַ „ריינניקונג־אַקציע", אין די וועלדער פון „טשערוואָני באָר", לאָמזשער קרייז, דורך וועלכן איר דאַרפט מאָרגן דורכפאָרן. עס קומען אויך פאָר רעגולערע שלאַכטן אין געביט פון ביאַליסטאָק־ביעלסק, ביים ראַנד פון ביאַלאָוועזשער וואַלד. דאָרטן געפינען זיך צאָלרייכע, גוט־באַוואָפנטע באַנדעס פון

די פּאַשיסטן. מיר ראַמען זיי ביסלעכווייז אויס. דערווייל אָבער פאַלן פיל קרבנות. אגב קאָנט איר קיינמאָל נישט וויסן גענוי אויפן וועג, צי עס פאַרהאַלט אייך און קאָנטראָלירט די פּאַפּירן אַן „אונדזעריקער״, צי אַ „זייעריקער״. ווען איר דערוויסט זיך שוין יאָ, איז אַביסל צו שפּעט... זיי קענען גוט די מלאכה פון קאָנספּיראַציע.

— נו, איר פאָרט — האָט אַ גליקלעכע רייזע — אָבער איך וואָלט זייער נישט געוואָלט שפּעטער זיך דאַרפן פאַרענטפערן פאַר אַמעריקע, פאַרוואָס באַנדיטן האָבן געהרגעט אַזעלכע פיינע געסט אונדזערע. סוף כל סוף וועט מען דאָך אין דעם אונדז באַשולדיקן...

איך וויים נישט ווי איר, חשובע לעזער, נאָר איך האָב פיינט אַזעלכע רייד און אַזאַ „ווייטן בליק״, גראָד אַ פאָר שעה פאַר אַ שווערער רייזע...

אָבער אָט איז שוין דער גרויער פרימאָרגן. יעקב פאַט קומט אַראָפּ אין האָל פון האָטעל אין אַ פיין פוטערל מיטן אונרא־צייכן. איך פאַרצי זיך שטייף אין מיין מיליטערישן שינעל — פילנדיק אין דער רעכטער קעשענע דעם שווערן מעטאַל פון אַ „ברוינינג״ און אין בוזעם קעשענע די נאָך שווערערע לאַסט פון אַ פאָר מיליאָן זלאָטעס, וועלכע איך פיר פאַר ביאַליסטאָקער יידן און וואָלט זייער נישט געוואָלט, אַז זיי זאָלן אַריינפאַלן צו די „אויפשטענדלער״ אין די פעלדער.

מיט אונדז צוזאַמען אין אויטאָמאָביל פאָרן־מיט אַ פאָר אינטערע־סאַנטע געסט: די בראַווע פרוי פון „בונד״־פירער אין פוילן, דר. פעליציע מושקאַט — די יעניקע, וואָס האָט אַזוי מוטיק געהאָלפן אלס פאַרבינ־דונגס־אָפיציר איןביידע וואַרשעווער אויפשטאַנדן, אַדאַנק איר סלאַווישן געזיכט און עכט־פּוילישן אַקצענט. דוכט זיך אַ גויע מיט אַלע פליטערלעך, מיט „יעזוס־מאַריע״ און מיט „כאָלערא״ — צוויי טיפּיש־פּוילישע אויס־דרוקן, וועלכע זי לאָזט נישט אַרויס פון מויל, — אָבער הערט זיך נאָר צו, ווי זי רעדט וועגן איר פּראַקטיק אלס יידישע פאָלקס־לערערין, וועגן אירע וואַנדערונגען איבער שטעט און שטעטלעך אלס אונטערגרונט־קוריער, וועט איר דערפילן דעם וואַרימען שטראָם פון אַ יידישער טאָכטער אונטער אַ פרעמדער אַקטיאָרישער מאַסקע.

און אָט זיצט אין אַ ווינקל אַ יונגערמאַן אין די צוואַנציקער. גע־קליידט אין צוגעפּאַסטע לעדערנע הויזן און אַ קורטקע, וואָס מאַכט אים

ענלעך צו די קאָמיסאַרן פון די ערשטע רעוואָלוציע־יאָרן. פּאַט שטעלט מיר אים פאָר מיטן נאָמען נאָמען מאַרק עדעלמאַן און איך דערמאָן זיך, אז איך האָב שוין ערגעץ דעם נאָמען געהערט, — עס פּאַסט אָבער נישט איבער־פרעגן.

ערשט שפּעטער, ווען אונדזער אויטאָמאָביל פליט אַ צעיאַכמערטער איבערן באַקוועמען אַספאַלט־שאָסיי, שפּריצנדיק מיט ביליאָנען פונקען פון ווייסן, טרוקענעם, מיט זון באַלויכטענעם שניי, ווערן מיר אַלץ מער אויפ־געלעבטער און באַרעדעוודיקער. די שטייפקייט לאָזט־אָפּ און מיר הייבן אָן צוזאַמען באַאָבאַכטן און זיך טיילן מיט איינדרוקן.

אָט לויפן מיר דורך דאָס שטעטל ראַדזימין, — דאָס אַמאָליקע זיץ־אָרט פון פּאָפּולערן ראַדזימינער רבין. אַ שטרענגער ייד געווען, דער לעצ־טער רבי. איך האָב אים אַמאָל געטראָפן. אַ גרויסע געלע באָרד, געדיכטע ברעמען און אַ שאַרפער פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר „טהרת המשפחה". טויזנטער חסידים פלעגן באַלאַגערן זיין הויז אויף טווערדע גאַס, ווען ער פלעגט אַראָפּפאָרן קיין וואַרשע, און טויזנטער חסידים פלעגן קומען קיין ראַד־זימין אויף ימים טובים, כדי צוזאַמען מיטן רבין, — דעם בעל תפילה און מנגן — זיך אויסוויינען אַ בעסער יאָר.

נישטאָ שוין מער די טוואַרדע גאַס, — איך בין דאָך נאָר־וואָס דורכ־געפאָרן דורך אירע חורבות. עס שטייט אָבער דאָס שטעטל ראַדזימין, מיט די הייזער, — כמעט אַלע געבויט דורך יידן, מיטן מאַרק, פון וועלכן די שטעטלשע יידן האָבן פּרנסה געשעפּט. אַלץ שטייט אויפן אָרט, אָבער די יידן זענען שוין מער נישטאָ... קיין איין ייד נישט! נישטאָ די חסידים און נישט די „לינקע" און נישט די אייגנטימער פון טאַרטאַק, פון מיל, פון ביר־ברויעריי, — מייגע פריינט, יידן פּקחים, אין וועמענס הויז איך האָב פאַרבראַכט אַזעלכע אומפאַרגעסלעכע טעג אין די יאָרן פאַרן קריג.

נאָכדעם פאָרן מיר דורך ווישקאָוו... אַ שטעטל פון אָרימע האָרע־פּאַשנע יידן געוועזן. איך געדענק נאָך די שטורמישע פאַרזאַמלונגען אין בית המדרש מיט יאָרן צוריק, ווען מיר האָבן געגרינדעט די פאָלקס־באַנק. לײדנשאַפטן האָבן זיך צעפלאַקערט, געשרייען האָבן אָנגעפולט די לופט. אַ ים בערד: שוואַרצע, געלע, ווייסע, האָבן געשווינדלט פאַר מיינע אויגן, ווען איך בין געשטאַנען אויף דער בימה און פּרובירט איינשטילן דעם

שטורעם. און סך־הכל האָט זיך דאָך דאָס געהאַנדלט איבער דעם, ווער עס זאָל זיין דער פרעזידענט פון דעם אָרימען „בענקל״, וועמענס גאַנצער קאַפּיטאַל האָט באַטראָפן אפשר פינף הונדערט דאָלער. די יידן מיט די בערד האָבן געוואָלט דעם תבואה־הענדלער ר׳ שמואלן אַלס פרעזידענט און די „פרייזיניקע״, די „גלוחים״, האָבן געהאַט צוטרוי נאָר צום דענטיסט...

איך געדענק שוין נישט, מיט וואָס עס האָט זיך דאַן געענדיקט דער סכסוך, אָבער דערפאַר זע איך שוין איצט קלאָר — און ווי טרויעריק קלאָר — מיט וואָס עס האָט זיך איבערהויפּט געענדיקט ווישקאָוו: נישטאָ מער קיין יידן דאָרטן, קיין איין איד — נישט מיט אַ באָרד און נישט קיין „גלוח״. אָבער די שטאָט איז נישט צעשטערט. אָט איז די אַפּטייק, געירשנט דורך אַ גוי און אָט זענען אויך קראָמען, שענקען, בעקערס און פורמאַנעס; אָט טראָגט אַ שיקסע עמערס מיט וואַסער — און די זון גייט אויף און פאַרגייט יעדן טאָג, נאָר קיין יידן זעען דאָס נישט, ווייל זיי זענען שוין בכלל מער נישטאָ...

— איר זעט, — זאָג איך צו מיינע מיטפאָרער — מיר פאָרן אריין אין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצקי. איר געדענקט: צען טויזנט יידן האָבן דאָ געוווינט! ביים אריינפאָר שטייט אַ גרויסע געביידע. דאָס איז די עלעקטרישע מיל, „אויטאָמאַט״, געבויט דורך די ברידער קאָהאַן. און אַנדערע מילן האָבן יידן געבויט אין דאָזיקן צענטער פון תבואה־האַנדל. געשעפטן פון מאַשינען, פון מאַנופאַקטור, אכסניות; און אָט איז דער מויער מיט די אויסגעזעצטע שויבן, מיטן צעקרימטן מגן־דוד — דאָס איז די שול, אָבער ווידעראַמאָל: קיין איין ייד איז דאָ מער נישטאָ...

און עס רופט זיך אָן פרוי מושקאַט, איר שטימע קלינגט אומגעוויינלעך טרויעריק און טיף, גאָרנישט ווי מיט איינעקע מינוטן פריער. ווען זי האָט פערזאָניפיצירט די „גויע״.

— אָט דאָ, אין דער שטאָט אָסטראָוו, האָב איך געהאַט איינע פון מיינע שווערסטע איבערלעבונגען. איך האָב נאָך מורא אפילו איצט אַ קוק צו טאָן אויף דער ערד פון מאַרק־פּלאַץ. עס דוכט זיך מיר אַלץ, אַז זי הייבט זיך. זי רירט זיך, זי ווערט באַוועגט דורך מענטשן, וועלכע מען האָט דאָרט לעבעדיקע באַגראָבן. יאָ, באַגראָבן האָט מען דאָ לעבעדיקערהייט הונדערטער יידן — און איך בין דערביי געווען מיט מיין חברטע

העלא זאמענהאַף. זענען מיר, דאָן נאָך, אין די ערשטע טעג, ווען די דייטשן זענען אַריין, אַנטלאָפן פון שטעטל יאַראָוו. דער דייטשער קאָמענדאַנט דאָרטן, וועלכער האָט אונדז געהאַלטן פאַר קריסטינס, האָט אָנגעהויבן זיך טשעפּען צו אונדז מיט ליבעס־דערקלערונגען. ער און זיין געהילף. מיר האָבן געמוזט אַנטלויפן און געקומען אָט דאָ, קיין אָסטראָוו. און דאָס איז געווען אין יענעם שרעקלעכן טאָג, ווען עמיצער האָט געשאָסן אַ דייטשן אָפיציר. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט געטאָן אַ יידישער פּורמאַן. האָט מען צונויפגענומען אייניקע הונדערט יידן — די חשובסטע אין שטאָט — און מען האָט זיי געהייסן גראָבן אַ גרוב, טאַקע דאָ נעבן דער שטאָט־ראַט־געביידע. און אַז דער גרוב איז געוואָרן גענוג טיף, האָט מען זיי אַלעמען דאָרט אַריינגעטריבן און געהייסן שנעל די גויים שיטן ערד אויף זיי. די גאַנצע שטאָט גויים איז געשטאַנען אַרום. די יידן האָבן נישט געוואָלט שטאַרבן, האָט זיך דעריבער די געשאָטענע ערד לאַנג באַוועגט און ווען מען האָט ענדלעך זיי פאַרשאָטן און מען האָט שוין קיינעם נישט געזען, האָט זיך נאָך אַלץ די ערד געהוידעט און געוויגט... אַפילו איצט דוכט זיך מיר, וויגט זיך דאָ די ערד...

מיר קוקן אָן דעם פּלאַץ פון דער טראַגישער קבורה. ער איז באַדעקט דערוויייל מיט שניי און פרילינג וועט דאָ גראָז וואַקסן, אפשר אויך רויטע מאַק־בלימעלעך... אָ, פּעט איז דאָ די ערד, און עס דוכט זיך, אַז ריטש־קעלעך מיט הייסן בלוט שטראָמען אַרויס פון ווייסן שניי.

מיר הערן זיך שטיל צו צו דער געשיכטע פון חורבן אָסטראָוו. איך דריי זיך אַ ביסל אַרום צום הינטערשטן זיץ־פּלאַץ פון אויטאָמאָביל, כדי בעסער צו הערן, און איך באַמערק פלוצלינג אַ פּאָר פּייערדיקע, גרויכע, שוואַרצע אויגן, וועלכע באַלאַנגען צו אונדזער מיטרייזנדן מאַרק עדל־מאַן. איך האָב גאָר פריער נישט באַמערקט אָט דעם אויסטערלישן קוק פון יונגנמאַן; אַזוי פיל אומעט, צאָרן, כישוף...

יעקב פּאַט זעט ווי איך נעם נישט אַראָפּ די אויגן פון זיין שכן און גיט דעריבער אַ זאָג:

— יאָ, איך האָב אייך האָב אייגנטלעך פאַרגעסן ווי געהעריק פאָרצושטעלן אונדזער יונגן פריינט. איר דאַרפט וויסן, אַז אָט דער מאַרק עדעלמאַן איז געווען איינער פון די דריי קאָמענדאַנטן פון געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַר־

שע: די ערשטע צוויי זענען געווען די שוין איצט לעגענדאַרע מרדכי אַני־לעוויטש פון „השומר" און צבי לובעטקין פון „החלוץ". חבר מאַרק האָט אָנגעפירט מיט דער בונדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. ער איז אַ שווייגער, ער האָט פיינט וועגן זיך צו ריידן... אָבער גיט אים נאָר אַ קוועטש, וועט ער האָבן וואָס צו דערציילן. אגב, נאָך אַ פּרט! חבר מאַרק איז אַ דירעקטער אור־אור־אייניקל פון ווילנער גאון...

דער בחור מיט די לעדערנע הויזן, וואָס זיצט הינטן אין אויטאָ, ווערט מיר אַלץ מער אינטערעסאַנטער. איך פאַרשטיי שוין דעריבער, פאַרוואָס האָבן זיך אַזוי אומרואיק, ליידנשאַפטלעך אָנגעצונדן זיינע טיפע אויגן, ווען פרוי מושקאַט האָט דערציילט וועגן דער ערד, וואָס האָט זיך געוויגט איבער די קעפּ פון לעבעדיק־באַגראָבענע יידן. דאָס האָבן געברענט יענע גאונישע אויגן פון הג"רא מווילנא, וועלכע פלעגן מיך אומרואיק מאַכן אויפן בילד איבער מיין בעט. איך געדענקט דעם גאונס בילד ווי אין טלית און תפילין שרייבט ער זיינע חידושים? און דאָ זיצט זיין ווייטער אייניקל, וועלכער האָט נייע חדושים, — מיט באָמבעס און רעוואָלווערן אריינגעשריבן אין ספר פון דער יידישער ווירקלעכקייט.

:: :: ::

אין די אָרלער וועלדער ווערן מיר פאַרהאַלטן דורך אַ מיליטערישן פּאַטרול. אונדזערער צי זייערער? דער אָפיציר נעמט העפלעך די דאָקו־מענטן, באַטראַכט זיי אויפמערקזאַם, סאַלוטירט שווייגנדיק און לאָזט אונדז ווייטער. מיר פרעגן גאָרנישט. ער זאָגט גאָרנישט...

ערגעץ לינקס פון אונדז ליגט טרעבלינקע, אינגאַנצן אַ פּאָר מייל. אָבער, מיר אַלע אין אויטאָמאָביל דערפילן, אַז טרעבלינקע, — דער שרעק־לעכסטער פּלאַץ אין פּוילן — איז נישט קיין אָרט פאַר טוריסטן.

מיר האָבן, ווייזט אויס, מורא, אויפרייסן די ווונדן, וועלכע וועלן זיך עפענען, ווען מיר וועלן שטעלן די פיס אויפן פאַרפלוכטן באָדן פון אויס־געברענטן פּלאַץ אין מיטן פון אָט יענעם וואַלד. מיר ווייסן, אַז אייגנט־לעך איז דאָס דערפל טרעבלינקע מיט די באַראַקן און גאַז־קאַמערן גענצ־לעך פאַרברענט, אַז דער שרעקלעכער קבר פון מיליאָנען ברידער אונדזערע איז אויסגעגלייכט מיט דער ערד.

מיר פילן די שכנות פון פלאַץ, כאָטש מיר פאָרן דאָרט נישט צו. ווייסן מיר דאָך, אַז דאָרט, אין וועלדל,ביים טייכל, זענען זיי אומגעקו־מען: מיינע שוועסטער און די שוועסטער פון יעקב פּאַט, און די עלטערן פון מאַרק עדלמאַן און פון פרוי מושקאַט... און מיליאָנען אייערע קרובים...

דערציילט אונדז דער שאָפער:

— כאָטש טרעבלינקע איז איצט מער נישט ווי אַ נאָמען, ווייל אַלע געביידעס זענען פאַרברענט געוואָרן בעתן יידישן אויפשטאַנד דאָרטן און בשעת דעם רוסישן אַנגריף, — געפינען זיך נאָך אָבער געגנוג פויערים אין אומגעגנט, וועלכע האָבן נאָך נישט פאַרלוירן דעם אינטערעס צו יענעם מקום. ביינאַכט קומען זיי און גראָבן די ערד און נישטערן, זוכנדיק גאָלד און דימענטן, וועלכע יידן האָבן כלומרשט איינגעשלונגען, בעת מען האָט זיי געפירט צום טויט. זיי זאָגן, אַז דאָס האָבן יידן געטאָן, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט, אַז זייערע לעצטע טייערע חפצים זאָלן אַריינפאַלן צו די דייטשן אין די הענט.

אָבער פאַרוואָס זאָל דאָס איבערהויפּט פאַרפאַלן ווערן? די קערפּערס זענען טאַקע פאַרברענט, אָבער גאָלד און בריליאַנטן ווערן דאָך נישט פאַר־וואַנדלט אין אַש. זאָרגן זיך וועגן דעם די דאָרפישע שכנים פון טרעבלינ־קע, ווען זיי קומען, ווי שאַקאַלן אין דער נאַכט, ראָיען זיך גייציק און טאַפּן אַפילו די איבערגעבליבענע אינגעווייידן: „אפשר? טאָמער?"

ניין, עס איז פאַראַן אַ גרעניץ צום נאָכוויי אָנשטערענגונג! דער אוי־טאָמאָביל מוז וואָס שנעלער אַנטלויפן פון אָט דעם פאַרפלוכטן אָרט, ווו? וועלכער ווינקל דאָ איז נישט אָנגעפולט מיט שווידער, מיט ליידן, מיט טויט...

מיר דערנענטערן זיך צו דער גרעסטער שטאָט זעמבראָווע, ווו עס האָבן אַמאָל געוווינט אַ שיינע פּאָר טויזנט יידן.

עס איז מאַרק־טאָג און אונדזער אויטאָמאָביל פאַרהאַלט זיך אין מיטן פויערשן עולם, ווייל עס ווילט זיך אונדז אַ קוק טאָן, ווי אַזוי גייט צו דער האַנדל אין היינטיקן פּוילן. מיר געדענקען גוט זעמבראָווע פון אַמאָליקע צייטן. יעקב פּאַט דערציילט, אַז ער האָט דאָ מיט יאָרן צוריק געהאַלטן זיין ערשטע סאָציאַליסטישע רעדע.

איך דערמאָן זיך אַ טראַגי־קאָמישן עפּיזאָד, ווען אַלס באַנק־אינס־

פעקטאָר האָב איך דאָ אַמאָל געכאַפּט ביי אַ גנבה דעם קאַסירער פון באַנק, וועלכער האָט צוגענומען קהלשע געלטער. ער האָט געטענהט, אַז ער האָט דאָס געמוזט טאָן, ווייל ער האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכ־טער, און איך האָב געטענהט, אַז אַפילו פאַר אַזאַ מצוה טאָר מען נישט צונעמען קיין פּקדונות פון יתומים און אלמנות. אַזוי ווי דער בעל־דבר האָט נישט געוואָלט, צי נישט געקענט סילוקן דאָס געלט, האָב איך פאַר־אָרדנט זיין אַרעסט... און דאָס האָט געהאָלפן: עס זענען זיך צונויפגע־לאָפן אין באַנק די פיינע באַלעבאַטים פון שטאָט, די סוחרים, די בעלי־מלאכות, דער דאָקטער, דער אַפּטייקער — „אַ ייד אין אַרעסט. און דאָס נאָך ערב ראש השנה? לא יעשה כן במקומנו!"

מען האָט גלייך צונויפגעזאַמלט די פּאָר טויזנט זלאָטעס, געדעקט דעם היזק, געטרונקען לחיים און זיך צוגעווונטשן אַ גוט און כשר יאָר! און דער קאַסירער איז ווייטער געבליבן אויף זיין שטעלע און זיך מער נישט צוגערירט צו אַ פרעמדן גראָשן...

און איצט! אוועק מיטן רויך פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס אָט מיינע טייערע יידן דאָ, מיט די גוטע הערצער, מיטן געפיל פון אחריות און אחדות...

נישטאָ! אין רעסטאָראַן אויפן מאַרק, ווו מיר פלעגן אַמאָל טרינקען ביר ביי ר' שלמה פאַכטער, האַנדלט איצט זיין דירעקטער יורש — אַ גוי.

אין מאַרק דרייען זיך גויעס מיט פּוטער, מיט אייער, מיט הינער און נעמען געזאַלצענע פרייזן ביי אָנגעפּאַרענע פויערים. אַ שוואַרצער מאַרק איז דאָס, שוואַרץ ווי אונדזער יידישער מזל, ווי דאָס געוויסן פון דעם שוואַרץ־מאַהניק, וועלכער ענטפערט מיר אויף דער פראַגע: „צי זענען נאָך פאַראַן אין זעמבראָווע יידן?" מיט פאָלגנדיקן „בלימל": „עס זענען געבליבן נאָך אַ פּאָר יידן, אָבער זיי זענען שפּיאָנען"...

פרעג איך איבעראַשט: „וועמענס שפּיאָנען?"

ענטפערט ער כיטרע, צווינקענדיק זיך גנביש: „נו, פאַרשטייט זיך, שפּיאָנען פון דער רעגירונג"...

איך דאַרפט וויסן, אַז די דאָזיקע לאָמזשער געגנט איז שטענדיק גע־ווען אַ נעסט פון דער פינצטערסטער רעאַקציע. דאָ האָט מען געריסן דאָס ברויט פון יידישן מויל צוזאַמען מיט די ציינער. דאָ בשכנות, אין טשי־

זשעוו, איז פאַרגעקומען דער באַקאַנטער פּאָגראָם. דאָ האָט מען געיאָגט דעם ייד פון מארק, פון האנדל, שטארקער, ווי אין אַנדערע געגנטן פון פּוילן.

איצט האָבן זיי דעם מארק — זאָלן זיי זיך מיט אים ווערגן!...

מיר פאָרן ווייטער. שוין באַלד זענען מיר אין ביאַליסטאָק. אין געגנט פון סאָקאָלי־לאַפּי פאָרן אונדז אַנטקעגן רוסישע טאַנקען.

אביסל ווייטער כאַפּט אונדז א שניי־שטורעם אין וואלד. מיר ווערן אביסל אומרואיק, טאָמער וועט מען ווייטער נישט קענען פאָרן און אויס־געשטעלט ווערן אויף געפאַרן, — און דווקא איצט שווימט ארויס פון צווישן די פארשנייטע ביימער א רוסישער פאַטרול. ווער ווייס, ווער זיי זענען, אפשר איבערגעטוענע גאָר? די אַמעריקאַנער פאָן און אָפיצירן־מונדיר האָבן ווידער זייער עפעקט: דער אומבאַקאַנטער פּאַטרול דערוויי־טערט זיך שנעל צווישן דער שניי־זאַווערוכע.

מיר רירן זיך לאַנגזאַם. בלאָנדזשענדיק זוכן מיר אונדזער וועג.

מיר האָבן דעמאָלט נאָך נישט געוווסט, אַז א פּאָר מייל פון אונדז, ביי דער סטאַנציע שעפּעטאָווקע, איז גראָד אין דער שעה פאַרהאַלטן גע־וואָרן דער צוג וואַרשע־ביאַליסטאָק דורך א הונדערט באַוואָפנטע באַנ־דיטן.

ערשט אין אָוונט, שוין אין ביאַליסטאָק, האָבן מיר זיך דערוווסט די געשיכטע. וועגן דעם וועל איך דערציילן...

די זון האָט ווידער אויפגעשיינט און באַלויכטן די שטאָט פון מיין וויג, פון מיין יוגנט און פון מיין אומענדלעכן ווייטיק...

XII

# ביאַליסטאָק

אונדזער אויטאָמאָביל דערנענטערט זיך צו ביאַליסטאָק. דער שניי־שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט נאָר־וואָס אין כאָראָשטשער וואַלד, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט.

אַ וואַרימע פרימאָרגן־זון באַגיסט מיט אַ ליכט־שפע די אַזוי באַקאַנטע לאַנדשאַפט ביים אַריינפאָר אין מיין היימאַט־שטאָט: רעכטס זילבערן זיך ווייס־בלענדנדיק די ביימער פון דער אַקאַציע־אַלייע, וואָס פירט צו דער שטאָט. זיי זענען פאַרגליווערט מיט יומטובדיקן ווינטער און הינטער זיי סמאַרטשען פאַרסמאַליעטע ווענט פון וואָקזאַל, וועלכער איז אַמאָל געווען פאַר מיר דער פאַרכישופטער טויער אין דער ברייטער וועלט אַריין; איך האָב אַזוי ליב געהאַט דאָס פייפן פון די צוגן, דאָס שווינדלען פון די בלויע, גרינע און ברוינע וואַגאָנעס, וועלכע פלעגן אַוועקטראָגן גליקלעכע רייזנדע קיין פעטערבורג, קיין וואַרשע, קיין קעניגסבערג...

פון חדר פלעגן מיר זיך דאַן אָפּרייסן, אַ כאַליאַסטרע „פויערישע קעפ", „פושעי־ישראלים", „ממזרים בן הנידהס", דאָס זענען געווען די ליכטע צונעמענישן, מיט וועלכע עס פלעגט אונדז באַשענקען דער מלמד, פאַר אַוועקלאָזן זיך, ווי הפקר־יונגען, ווי שקצים ר"ל, צו די גויאישע גאַסן, צום באַן, צו... אָבער ווי זיסע מוזיק פלעגן מיר אויפנעמען דעם גלאָק ביים באַן: „ערשטער קלונג... צווייטער קלונג... אַ פייף פון גוי מיטן רויטן דאַשעק, אַ תשובה פון הויכן קוימען פון לאָקאָמאָטיוו און סאָפּענדיק און

קרעכצנדיק ציען זיך אוועק אין רעטזלהאפטיקן אומבאוווסטן וועג די וואַגאָנעס. אָבער מיר בלייבן נישט דאָ; מיר מוזן גיין צוריק אין חדר, צו די יידישע גאַסן און געסלעך, ווו אונדזער טאָג איז שטרענג רעגולירט לויטן שולחן־ערוך פון „מודה אני״ אינדערפרי ביז קריאת־שמע אויפדערנאַכט.

מיר דאַרפן טאָן אַלץ, וואָס טאַטע־מאַמע זאָגן, וואָס דער בייזער רבי און די רביצין אין חדר לערנען און באַפעלן און איבערהויפּט, וואָס „גוטע און פרומע לייט הייסן אונדז צום גוטן טאָן״... דער יצר־הרע אָבער אין אונדז האָט געצויגן צוריק צו יענעם פאַרכישופטן ווינקל ביים וואָקזאַל מיט די גרינע און רויטע פייערלעך; אין די יונגע הערצלעך האָט דאָן געשטורעמט דער פּראָטעסט קעגן דומפּיקן חדר מיט די פאַרוואַטעטע פענצטער, מיט דער „קאַנטשיק־דיקטאַטור״, מיטן מנחה און מעריב רעזשים: מיטן „דאָס טאָר מען נישט״, „דאָס פּאַסט נישט פאַר אַ חומש־יינגעלע״, „פאַר אַ גמרא־בחור״, „פאַר אַ באַלעבאַטיש יידיש קינד״...

און שפּעטער זענען מיר אַרויסגעפלויגן פון אונדזערע נעסטן, אַרויסגעריסן זיך אין דער ברייטער וועלט אַריין מיט באַפליגלטע האָפענונגען אין האַרצן, מיטן ווילן אָנצוכאַפּן דאָס לעבן פאַר די הערנער און געאָרעמט מיטן „ליידנדיקן ברודער״, בויען אַ נייע צוקונפט פאַר דער מענטשהייט. הינטער אונדז האָט געוויינט אַ פאַראיינזאַמטע מאַמע, געקרעכצט אַז אַנטוישטער טאַטע און באַהאַלטן איר בענקשאַפט — דעם שכנס טאָכטער...

ווי זינגט ערגעץ שילער: „פון מעדכען רייסט זיך שטאָלץ דער קנאַבע: ער שטירמט אינס לעבן ריין אינאַוס; דורכמיסט די וועלט אַן וואַנדער־שטאַבע; פרעמד קערט ער היים אינס פאַטער־האַוז״...

און איצט קערן מיר זיך אום אין „פאָטערס הויז״, אין אונדזער געבורט־שטאָט ביאַליסטאָק.

אין אויטאָמאָביל, וואָס קומט פון וואַרשע, זיצן איצט אין שיינענדיקן ווינטער־גלאַנץ צוויי אַנטרונענע קינדער פון אונדזער שטאָלצער מוטער־שטאָט, יעקב פּאַט און איך.

מיר זענען געקומען דאָ אַ לעצטע טרער פאַרגיסן אויף אומפאַרגעסלעכע קברים; אַ לעצטן ציטער כאַפּן מיט פאַריתומטע לעבעדיקע; אַ לעצט ליד אויסזינגען, אַ „שוואַנען־ליד״, צו דער היים פון אונדזער וויג. מיר האָבן נאָך פריער געוווסט, אַז מיר יאָגן זיך נאָך אַ שאָטן, אַז מיר קומען

נאָכן „דריטן קלונג״, אַז דער צוג איז שוין אַוועק, דער טויטן־צוג, אַט דער, וואָס האָט אַוועקגעפירט גאַנץ ביאַליסטאָק אין די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע.

דער צוג איז אַוועק. און מיר זענען אומגעלומפּערט לעבן געבליבן, און דעריבער וואָגלען מיר צווישן די חורבות, וואָס טראָגן נאָך סימנים פון אַמאָליקן לעבן אונדזערן, וואָס האָבן נאָך באַהאַלטן דעם קוק, אפשר דעם לעצטן בליק פון אַ מאַמע, אַ שוועסטער, אַ קינד, אַ חבר... אַט אין דעם איז דאָך דער גאַנצער זין פון קומען צוריק צו די ערטער, וווּ מיר האָבן לעבן דערזען צום ערשטן מאָל.

„נו, גוט! לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, יאָג זיך נישט אַזוי, שאָפער! לאָז ווייטיקלעך־ליידנשאַפטלעך אויסטרינקען דעם גאַנצן בעכער פון גאַל ביז דעם גרונט״.

איר זעט: דאָס איז די נאַוואָליפּיע גאַס, די ביאַליסטאָקער „אונטער דען לינדען״. יעדעס הויז געקענט אַמאָל און אויך איצט דערקען איך די מיט שניי־באַדעקטע רואינען. די האַנטווערקער־שול פון נדבן קלונימוס־זאב וויסאָצקי; נעבן איר אין ווייסע תכריכים די צעשמעטערטע ווענט פון דער תלמוד־תורה, טויזנטער־טויזנטער כשרע יידישע קינדערלעך זענען פון דאַ־נען אַרויס אין די פאַבריקן, וואַרשטאַטן, קראָמען, ישיבות, און אוניווער־זיטעטן... און טויזנטער זענען איצט צעשאָטן אין אַלע וועלט־טיילן.

דאָ איז געווען די ביאַליסטאָקער קהילה; דאָ איז אויך געשמידט געוואָרן בעת די קאַטאַרזשנע געטאָ־יאָרן דער פּלאַן פון אויפשטאַנד קעגן די נאַציס, האָבן יידישע בעמיקער באַמבעס געמאַכט, כדי מיט זיי מקדש השם זיין די שטאָלצע שטאָט און אַריינפירן אירע זעכציק טויזנט טייערע יידן אין פּאַנטעאָן פון אייביקייט.

און וואַרט אַ ווייל: וואָס איז דאָס פאַר אַן אומבאַקאַנטער פּוסטער פּלאַץ אין האַרץ פון שטאָט? אָ, יאָ! דאָ איז געשטאַנען דער מערקוויר־דיקער ביאַליסטאָקער שטאָט־זייגער, די העכסטע געביידע אין שטאָט. אויף זיין טורעם, אויפן באַלקאָנטשיק, האָט געשפּאַצירט טאָג און נאַכט אַ „פּאָזשאַרניק״ (פייערלעשער). אַרום דעם שטאָט־זייגער זענען געווען די היסטאָרישע „קרעמלעך״, די הונדערטער יידישע קראָמען, געבויט אין דער פאָרם פון אַ „ציגן־וואָלף״ מיט אַ יאָר צוויי הונדערט צוריק פון גראַף

בראַנצקי־געאָרגעוויטש! נישטאָ! אַזוי ווי מען וואָלט אַרויסשניידן פון פּנים די נאָז, אַזוי זעט אויס איצט ביאַליסטאָק אָן דעם שטאָט־זייגער...

ביי ביידע זייטן פון לאַנגן מאַרק, ביי דער אַמאָליקער וואַשילקאָווער גאַס, שטייען סקעלעטן פון הייזער, וואָס האָבן געהערט צו די פיינע אַמאָליקע שטאָט־באַלעבאַטים, די זאַבלודאָווסקים, די מאַקאָווסקים, די גאָניאָנדזקים... יעדער ייד מיט זיין כאַראַקטעריסטישער באָרד, מיט זיין לאַנגן יחוס, מיט זיין תורה און גדולה, מיט קינדער־משׂכּילים, דאָקטוירים, שרייבער, מיט אַ שלל פון פאַרביקע פּאָדימס, געשפּינט דורך הונדערטער יאָרן, און איצט, גייט צו די האַלב־איינגעפאַלענע ווענט פון זייערע הייזער און זוכט די מוזיק פון יענע יאָרן...

מיר שלעפּן אָפּ דעם אויטאָמאָביל אין מיטן מאַרק. עס רינגלען אונדז אַרום גויים, עס גייען פאַרביי גלייכגילטיק רוסישע און פּוילישע אָפיצירן. אָט דאָ, צווישן וואַשילקאָווער גאַס און די אַמאָליקע אַפּטייקן פון ווילבורשעוויטש און אייזנשטאַט, האָבן מיר געקענט, האָט אונדז געקענט יעדער ייד, יעדעס קינד... היינט שטייען דאָ יעקב פּאַט און חיים שאַשקעס און עס יאָמערט זיי אַנטקעגן אַ גרויל פון פרעמדקייט, אַ קאַלטער ווינט פון עפּעס אַ וויסטן חלום: „הזאת היא ביאַליסטאָק?״ — איז דאָס מעגלעך, וואָס אוממעגלעך, שוין אייביק פרעמדע איך און — דו?

און געדענקט איר אפשר יאַטקע גאַס? די לעצטע יאָרן האָט זי געהייסן די זאַמענהאָף־גאַס, אויפן נאָמען פון דר. לודוויג זאַמענהאָף, וועלכער איז דאָ געבוירן געוואָרן און וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט אַלס דער שעפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך „עספּעראַנטאָ״. נישט ווייט פון דער הילצערנער הייזקע, אויף וועלכער עס איז צוגעקלאַפּט געווען דער טאָוול צום אָנדענק פון דר. זאַמענהאָף, איז אַמאָל געשטאַנען ר׳ אליהו מלכס הויף און דאָרטן אין שכנות איז געבוירן געוואָרן מאירקע וואַלאַך. דאָ האָט ער געלערנט אין חדר, שפּעטער אין שולע, נאָך שפּעטער געגעבן „אוראָקן״ אין לאַטיין און שוין גאָר־גאָר שפּעטער באַרימט געוואָרן אין דער וועלט אַלס דער גרויסער כאָוועטישער דיפּלאָמאַט מאַקסים ליטווינאָוו...

אויפן ראָג פון אָט דער יאַטקע־גאַס און דאָס „יידיש געסל״ האָט מיין עלטער־זיידע, ר׳ פּנחס אייזענשמיד, מיט אַכציק יאָר צוריק, אויסגעבויט

אַ צוויי־שטאָקיק מויערל לכבוד דער התונה פון זיין גערעטענער טאָכטער מאשע, מיין באָבע, מיטן גראָדנער משכיל, ר׳ לייזער ליפשיץ, מיין זיידע.
אין דעם פאַמיליען־הויז איז געבוירן געוואָרן מיין מאַמע נחמה און שפּעטער מיט זיבעצן יאָר האָט מען טאַקע דאָ מיט מזל געבראָכן טעלער צו די תנאים פון מיין מאַמען, ר׳ לייזער ליפשיצס בת־יחידה מיט מיין טאַטן, דעם למדן און משכיל, ר׳ אברהם שאַשקעס. און דאָ, אויפן ראָג פון „יידישן געסל״, צווישן פּראָגרעסיוון כאָר־שול און גרויס־לומדישן יחיאל נעכעס בית־מדרש, בין איך אַליין געבוירן געוואָרן... און שפּעטער מיינע אומפאַרגעסלעכע ליבע שוועסטער, וועלכע מען האָט אַ נאָמען גע־געבן ביבליש: שרה, רבקה, לאה און רחל...
שטיי איך איצט ביי דער איבערגעבליבענער רויטער וואַנט פון מיין עלטער־זיידנס בנין און באַוויין שטיל דעם חורבן פון מיין משפחה, פון מיין גאַס, פון מיין שטאָט, פון כל ישראל.
איך דערמאָן זיך אַ כאַראַקטעריסטיש׳ן פּרט: מיין עלטער־זיידנס הויז האָט זיך געגרעניצט מיטן „בן־יחידס״ הויף און יאָרנלאַנג האָט געהערשט אַ סכסוך צווישן די ביידע באַלעבאַטים. דער סכסוך איז שפּעטער איבער־געגאַנגען צום זיידן, דערנאָך צום טאַטן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף יענעמס הויף. דורות־לאַנג האָט זיך אַ קריג געצויגן. אָבער איצט: נישטאָ קיין פענצטער, נישטאָ קיין הויף, נישטאָ קיין גאַס אפילו. אויסגעגליכט דער סכסוך, ווי אויסגעגליכט מיט ערד איז איצט דאָס גאַנצע יידישע פוילן! נאַרישע מענטשן, וואָס מיר זענען מיט אונדזערע קליינלעכע סכסוכים אין דער שעה פון גרויסן נסיון...
לאַנגזאַם דערנענטער איך זיך צו יחיאל־נעכעס בית־מדרש, צו יענעם קוואל פון תורה, פון וועלכן עס האָבן געשטילט זייער דורשט די וונדער־לעכע פּלעיאַדע ביאַליסטאָקער באַלעבאַטים־לומדים; די אורחים־רבנים פון גאַנץ ליטע און פוילן. אין דעם בית־מדרש פלעגט מען אַ מענטשן אָפּשאַצן נישט לויט זיין רייכטום, נישט לויט זיין יחוס, נאָר צי קען ער לערנען...
דער טונקל־בלויער סקעלעט פון מיין קינדהייט־בית־מדרש איז געבליבן שטיין: מער נישט, דער דאַך איז אַראָפּגעריסן, די אַמאָליקע ווענעציאַנער פענצטער זענען אויסגעשלאָגן און אַ שטיקל סלופּ פון אַמאָליקן ווייסן ארון־קודש הענגט צעבראָכן אויפן מזרח־וואַנט.

שאָטנס פון פאַרגאַנגענהייט שוועבן פאַר מיינע אויגן; גרויסע יידן שווימען אַרויס פון ווייסן שניי און פאַרנעמען זייערע פּלעצער אויףביידע זייטן פון צעבראָכענעם ארון־קודש; דער פּאַטריאַרכאַלער גביר און תורה־אויטאָריטעט ר׳ שמואל ליפשיץ, אויף וועמען מען האָט לאַנג געוואַרט מיט שמונה עשרה; אייזיק האָראָוויטש, דער למדן און באַנקיר; משה מאַנישעוויטש, דער קנאי און נגיד; דער רב ר׳ יהונתן; ר׳ משה ראַפּאַפּאָרט; ר׳ מאָטיע וואַשילקאָווסקי — אַ גאַלעריע יידן מיטן הדרת־פּנים, וואָס בעט זיך אויף אַ רעמבראַנדט־בילד. עס דוכט זיך, איך זע זיי נאָך אַמאָל אַלעמען. הונדערטער אַנדערע תמימים, קדושים און טהורים אין די יאָרן פון מיין קינדהייט, פון מיין ערשטן באַוווסטזיין.

און שפּעטער, ווען איך בין אַ רייפער מענטש געווען, אַ וועלט אויסגעפאָרן, פלעג איך זיך אָפט שטילערהייט אַראָפּכאַפּן פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק און אין אַ פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב הערן מיין פאָטער זאָגן דעם דף־יומי פאַר אַן עדה לומדים, וועלכע האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן ווונק. אַ גאַנצן טאָג געהאָרעוועט אין קראָם, אין וואַרשטאַט, אויפן מאַרק, אָבער פאַרנאַכט פלעגן זיי קומען זיך אָנטרינקען פון יענעם לעבעדיקן קוואַל, וועלכער האָט זיי כוחות געגעבן אויסצוהאַלטן אין ים פון צרות און דאגות און פּיין.

און נאָכדעם גיט פאַר מיר אַ בליץ דורך טרערן דער לעצטער אַקאָרד פון מיין בית־מדרש־סימפּאָניע, ווען איך בין מיט אַכט יאָר צוריק געשטאַנען אָט דאָ אינעווייניק נעבן דער בימה און געזאָגט דעם הספּד אויף מיין טאַטן ע"ה. מען האָט דאַן אַ גאָר אַלטן מנהג געבראָכן און אַריינגעטראָגן דעם אָרון מיט זיין קערפּער אין שול אַריין.

איך געפין אַ מאָדנע טרייסט אין באַוווסטזיין, אַז ער, מיין ליבער טאַטע, האָט אויסגעמיטן דעם גורל פון אַנדערע טויזנטער שוועסטער און ברידער, וועלכע זענען אַוועק אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן און אפילו צו קבר־ישראל נישט געקומען, אָבער גלייך טריפט דאָס האַרץ מיט בלוט, ווען איך דערמאָן זיך, אַז דעם שרעקלעכן גורל פון כל ישראל האָבן געטיילט מיינע שוועסטער רבקה, לאה, רחל, מיט זייערע מענער, מיט זייערע קינדער...

אַט איז די גומיענע גאַס, ווו די ביאַליסטאָקער גרויסע מאַנופאַקטור־געשעפטן זענען געווען, און צום סוף גאַס, איבערן בריקל פונעם קליינעם ביאַלער טייכל, פלעגן קלאַפּן טאָג און נאַכט די פאַבריקן, וואָס האָבן אַ וועלט מיט די ביאַליסטאָקער סחורות פאַרפלייצט. דאָ האָט געשפרודלט מיט ענערגיע און דינאַמיק, מיט דעם שעפערישן גייסט פון יידישן אונ־טערנעמער און אַרבעטער. איך זוך איצט אַ ייד אויף גומיענער גאַס, דאָרט, ווו מען האָט קיינמאָל קיין גוי נישט געזען. אָבער איצט דרייען זיך די פרעמדע צווישן די חורבות, זיי לעבן אין האַלב־אָפּגעבויטע יידי־שע הייזער.

איך גיי אַריין אין אַן איבערגעבליבענער הילצערנער הייזקע, כדי זיך נאָכצופרעגן, ווו עס געפינט זיך דער יידישער קאָמיטעט. טרעף איך דאָרט אין אַ צימער אַ יידישע נייטאָרין פון שטעטל יאַסינאָווקע, וועלכע דער־שרעקט זיך לכתחילה, ווען זי דערזעט אַ מונדירטן מענטש, דערנאָך גיט זי אַ פרעג: „עמך?“ איך דאַרף באַמערקן דערביי, אַז אַלע יידן אין פוילן פרעגן אַ פרעמדן, וועלכן זיי האַלטן פאַר אַ יידן, אויב ער איז „עמך“, נישט „יהודי“, ווי מען פלעגט פרעגן אַמאָל, ווייל דאָס וואָרט קלינגט ענלעך צום דייטשן „יודע“.

און אַז איך פאַרזיכער איר, אַז יאָ, „עמך“ בין איך, דערציילט זי, אַז דער יידישער קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך פון אָנהויב געפונען דאָ אויף גומיענער גאַס, איז איצט אויף מלינאָווע 18, אויף דער גרעניץ צווישן פּיאַסקעס און כאַנאַיקעס, די גאַסן פון דער יידישער אָרימקייט, וועלכע האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַזעלכע העלדישע קעמפער אין משך פון דריי דורות.

פאָרן מיר אַהין. דורך סוראַזער גאַס זעען מיר די רואינען פון דער גרויסער ביאַליסטאָקער שול, ווו עס זענען אומגעקומען אין פייער אייניקע טויזנט יידן אין יענעם פינצטערן שבת, ווען די דייטשן האָבן געמאַכט זייער ערשטע ליקווידאַציע פון דער גרויסער ביאַליסטאָקער עדה.

די צווייטע ליקווידאַציע איז פאָרגעקומען אין פעברואַר 1943, די דריטע און לעצטע ליקווידאַציע — אין אויגוסט 1943. עס זענען אָפּ־געמעקט געוואָרן אַזוי אַרום בערך זעכציק טויזנט יידן פון ביאַליסטאָק

קנישין און פיל אַנדערע. עס זענען געבליבן אין שטאָט אַרום פינף הונ־דערט יידן, געקומען צוריק און אַנגעלאָפענע פון דער פרעמד.

און אָט זענען מיר צוגעפאָרן צו דעם הויז, ווו די איצטיקע קהילה, אָדער קאָמיטעט, געפינט זיך.

מיר ווערן וואַרעם באַגריסט פון אַ הייפעלע יידן, וואָס געפינט זיך אין צימער; אָט איז דער יוריסט מורעק, דער וויצע־פּרעזידענט פון קאָמי־טעט; און גלייך באַווייזט זיך פּסח בורשטיין, אַ שוועסטערקינד פון ניו־יאָרקער אַקטיאָר פּסחקע בורשטיין, און דער מאָלער אַלעשניקי, וועלכער געדענקט מיין פאַמיליע און פירט מיך שפּעטער אויף ביידע יידישע בית־עלמינס. עס ווערט טומלדיק: יידן קומען זיך צולויפן פון אַלע עקן שטאָט, אָנקוקן און כאַפּן אַ שמועס מיט די אַמעריקאַנער געסט, וועלכע זענען דאָך אַזעלכע נאָענטע און היימישע.

די באַאַמטין פון קאָמיטעט, דאָרא רובין, הויבט אָן מאַלעווען אַ פּלאַקאַט, וועלכער טיילט־מיט די יידן, אַז יעקב פּאַט און חיים שאָשקעס זענען אין שטאָט און וועלן היינט אין אָוונט רעדן צו די איבערגעבלי־בענע ביאַליסטאָקער ברידער.

זעלטן, זעלטן באַגעגן איך אַ באַקאַנטן פון די אַמאָליקע צייטן: אויף יעדער פראַגע באַקום איך אַ תשובה: „נישטאָ!" אייגנטלעך ווייס איך שוין די תשובה פון פריער. וואָלטן זיי געווען, וואָלט איך דאָך זייער נאָמען אין די צייטונגען געפונען אָדער אַ בריוול פון זיי באַקומען.

עס איז אַזוי נאַטירלעך, ווען איך וויל אויסגעפינען עפּעס ווי אַזוי „מיינע" נאָענטע זענען אַוועק פון דער וועלט. מען קען מיר נאָר זאָגן וועגן צוויי פון מיינע שוועסטער, ביידע דאָקטוירים אין ביאַליסטאָקער שפּיטאָל: „דר. לאה אָפּענהיים איז אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע אין פעברואַר 1943. זי מיט איר מאַן. איר שוועסטער, דר. רחל יאָסעם, איז אומגעקומען שוין צום סוף פון דער געטאָ. איר מאַן, דר. אברהם יאָסעם, מיטן יינגעלע — אַ יאָר פריער"... האָב איך שוין, הייסט עס די טייע־רע גרוסן...

אָבער דורך אַ מאָדנעם צופאַל, וועלכער שפּילט אָפט אַ מערקוויר־דיקע ראָלע אין מיין לעבן, האָב איך נישט נאָר זיך דערוווסט דעם גע־נויען טאָג, ווען מיין ליבלינג, מיין יינגערע שוועסטער רחלע, איז אומגע־



מיטגלידער פון דעם וואָיעוואָדישן יידישן קאָמיטעט
אין ביאַליסטאָק בעת אַ זיצונג.



ד"ר שאשקעס ביי דער
מצבה פון די
ביאליסטאקער קדושים

קומען, נאָר אפילו אָנגעקוקט דאָס בילד, ווי אזוי זי איז געפּירט געוואָרן צום טויט... פאַרגעקומען איז דאָס צוליב דעם ,וואָס אייניקע פּאָליאַקן האָבן גענומען פאָטאָגראַפישע בילדער, ווען די שרעקלעכע לעצטע ליק־ווידאַציע פון דער ביאַליסטאָקער געטאָ איז פאָרגעקומען. איצטער קויפט מען די בילדער אויף, פאַר גוט געלט, פאַרשטייט זיך... דער פאָרזיצער פון ביאַליסטאָקער קהילה, דר. טורעק, האָט מיר געשאָנקען אַ מתנה איינס אַזאַ בילד, נישט חושד זייענדיק אפילו, אַז מיין שוועסטער רחל שאָשקעס איז דאָרט אויך פאָטאָגראַפירט, אָבער ווען איך בין שוין געקומען קיין ניו־יאָרק און אָנגעהויבן זיך פונאַנדערקלייבן אין די מאַטעריאַלן, וועלכע איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך פון פּוילן, האָב איך מיט מער אויפמערק־זאַמקייט אָנגעהויבן באַטראַכטן די געזיכטער אויפן שלעכטן פאָטאָגראַ־פישן בילד, וואָס אַ פאַראויסזעענדיקער פּאָליאַק האָט אַראָפּגענומען צוליב פאַרגעניגן אָדער ביזנעס... און פּלוצים דערזע איך אַן אויפשריפט אויפן בילד: „דער פּערסאָנאַל פון יידישן שפּיטאָל אין ביאַליסטאָק ווערט אוועק־גענומען קיין טרעבלינקע דעם 16־טן אויגוסט 1943"... און גלייך דערזוי זע איך די קראַנקען־שוועסטערס און וועכטער, די שטאָלץ־שפּרייזנדיקע מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ שוועסטער מיינע, רחל...

איר זעט: זי טראָגט אַ פּעקל מיט זאַכן אין איר לעצטן וועג. זי איז שוין אַליין: דער מאַן, דער זון, די שוועסטער זענען נאָך פריער אוועקגע־נומען געוואָרן. די ליפּן זענען צונויפגעפּרעסט. איך קען גוט דעם איינ־געשפּאַרטן אויסדרוק זייערן, נישט לייכט איז געווען איר וועג דורכן לעבן: אַ גאָלדענעם מעדאַל אין גימנאַזיע, כדי אַריינקומען אין אוניווערזיטעט; געענדיקט אַלס אַ רוסישער דאָקטער און שפּעטער געדאַרפט נאָכאַמאָל יאָרן שטודירן, כדי צו באַקומען אין פּוילן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן; צוזאַמען מיטן מאַן געהאָרעוועט אויפן שטיקל ברויט און נאָכדעם אָנגעהויבן שאַפן די נויטיקע פּאָפּולאַריטעט צווישן קראַנקע.

אַ יינגעלע איז געבוירן געוואָרן, איר אויג אין קאָפּ; טאַטע יענעם טראַגישן יאָר געדאַרפט בר־מצוה ווערן; אין תרבות שולע געלערנט און זיך געשניטן אויף אַן עילוי... „אינגאַנצן דער זיידע!" — פלעגט רחלע נישט אויפהערן זיך באַרימען פאַר מיר מיט איר בן־יחיד, וועלכער איז טאַטע געווען אַזוי ענלעך צו אונדזער גרויסן טאַטן...

און פּלוצלינג איז געקומען דאָס פייער און אַלץ איז אַוועק אין רויך פון די קאַלך־אויוונס; איר האַרעוואַניע זיך צו דערשלאָגן צו אַ שטיקל פּאָזיציע, איר נאָבעלער מאַן, דער זון און אייניקל פון די אַלטע בריסקער יאָסעמס; איר ליבעלע, דער בר־מצוה־בחור... און מיט זיי צוזאַמען טויזנטער פאַמיליע־נעסטן, געבויט און געפורעמט אין ראַנגלענישן פון ביטערן ייִדישן גלות־לעבן.

און אַט קוקט זי אָן: מיט פאַרפרעסטע ליפּן גייט זי איינזאַם אין איר לעצטן וועג אין דעם פינצטערן 16־טן אויגוסט 1943, ווען די הייליקע קהילה אין ביאַליסטאָק איז אונטערגעגאַנגען על קידוש השם...

נישט באַשערט געווען כאָטש צו ליגן נעבן די עלטערן אונדזערע אויפן ביאַליסטאָקער בית־עולם, ווי נישט באַשערט איז דאָס געווען דער מוטער רחל, ווען זי איז פּלוצים אָפּגעשטאָרבן צו אונדזער פאָטער יעקב און באַגראָבן געוואָרן אין מיטן וועג, בדרך אפרת...

דער וואונדערבאַרער מדרש איבערן טויט פון דער מוטער רחל און פאַרוואָס זי איז דווקא באַערדיקט געוואָרן ערגעץ אין מיטן שטויביקן וועג און נישט אין דעם פאַמיליען־קבר — אין מערת המכפּלה — לייכט פאַר מיר אויך אויף מיט זיין מעכטיקער פּאָעטישער עקספּרעסיע, זאָגט דער רבה:

„יעקב אבינו האָט דעריבער באַגראָבן זיין רחל אויפן אפרת־וועג, ווייל ער האָט געזען בנבואה, אַז שפּעטערדיקע אַרויסגעטריבענע ייִדן וועלן דאַרפן דורכגיין דורך אָט דעם זעלבן וועג. ער האָט געוואָלט, אַז די מוטער רחל זאָל בעטן רחמים פאַר זיי ביים רבונו של עולם, ווי דער נביא זאָגט: „אַ שטימע שטורעמט אין הימל, אַ ביטערער יאָמער הערט זיך פון דאָרטן: דאָס וויינט רחל אויף אירע קינדער און וויל זיך נישט טרייסטן, אויף אירע קינדער, וואָס זענען שוין מער נישטאָ"... און דער אויבערשטער טרייסט זי אַזוי פאָטערלעך־צאַרט: „אָ, איך בעט דיך, וויין נישט מער, וויש אויס פון טרערן דיינע אויגן... ווייל עס איז פאַראַן אַ האָפענונג פאַר דיין צוקונפט".

און ווען יוסף, רחלס זון, ווערט געפירט פאַרקויפט צו ווערן פאַר אַ קנעכט קיין מצרים, גייט ער גראָד דורך מיט יענעם וועג, דורך אפרת,

און וואַרפט זיך מיט גרויס געוויין אויף זיין מאַמעס קבר, אָבער ער דער־הערט פון דאָרט רחלס שטימע: „וויין נישט, מיין קינד! דו וועסט גרויס ווערן, דעם יידישן נאָמען דערהויבן — א האָפענונג איז פאַראַן פאַר דיין צוקונפט"...

איך קוק נאָך אַלץ אויפן אַביסל מטושטשדיקן בילד, ווי מען פירט די גרופּע פרויען און מענער אויפן וועג קיין — טרעבלינקע. איך זע דעם פּאַרקאַן, דעם בוים און דעם סלופּ, וואָס ווייזט דעם וועג. און הינטער זיי — מיין שוועסטער, דר. רחל שאַשקעס מיטן ווייסן שפּיטאָל־טורבאַן אויפן קאָפּ... רחל וויינט נישט — אָבער א י ך וויין... איך וואָלט אַזוי וועלן הערן דעם בת־קול פון הימל, דעם פּאָטערס שטימע, זיין צאַרטע טרייסט:

„אָ, וויין נישט מער, וויש אויס דיינע טרערן, ווייל עס איז פאַראַן האָפענונג פאַר אונדזער צוקונפט... ווייל „עוד לא אבדה תקותנו"...

וועל איך, וועט איר די שטימע דערהערן? און ווען?

XIII

# דאָס איצטיקע ביאַליסטאָק

באַלד ווערט פאָרקומען אַ שנעל־צונויפגערופענע זיצונג פון ביאַליס־טאָקער יידישן קאָמיטעט. מיר זענען איינגעלאַדן אויף פאַלנע גאַס (מאַ־זורס גאַס) אין וווינונג פון מאַגיסטער מענדל טורעק, וועלכער איז דער וויצע־פאָרזיצער פון איבערגעבליבענעם הייפל יידן. דער פאָרזיצער, אַן אַמאָליקער לערער פון דער העברעאישער גימנאַזיע, דער ענערגישער דר. דאַטינער, איז גראַד היינט אין וואַרשע.

עפּעס ווי דורך אַ נס האָבן זיך אויף פאַלנע גאַס, וווּ עס איז געווען די גרעניץ צווישן געטאָ און דער גויאישער וועלט, געראַטעוועט אַ פּאָר ליי־טישע הייזער. אין איינער פון זיי וווינט טאַקע אונדזער באַלעבאָס טורעק. אין צווייטן הויז דערביי געפינען זיך צוויי יונגנט־קיבוצים.

דער באַלעבאָס אַליין, דער יוריסט טורעק, שטאַמט גאָר פון טיקטין. ביים באַרימטן בריק איבערן טייך נאַרעוו, דאָרטן איז ער אָפּגעלעגן אין אַ גרוב 27 מאָנאַטן, געהאָלפן דורך אַן אָרימען פויער פון קליינעם מיט שטרוי געדעקטן שטיבעלע ביים זייט. ער האָט אַמאָל אַ יונגע פרוי געהאַט, אַ קינד, אָבער די נאַצים האָבן זיי צופעליק אַנטדעקט אין צווייטן גרוב און מען האָט זיי צוגענומען קיין טרעבלינקע. ווען ער איז געקומען נאָך דער באַפרייאונג קיין ביאַליסטאָק (אין טיקטין האָבן זיך שוין יידן מער נישט אומגעקערט), איז ער געווען פון די ערשטע. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט

ער זיך געטראָפֿן מיט אַ באקאנטער פֿון אמאָל, די בלאָנדע טאָכטער פֿון פאבריקאַנט טוביה פוקס. זי איז אַ מעדיצין־דאָקטאָרין, מיט אַ קאָפּ העל־געלע האָר, מיט אַן אויסזען פֿון אַ קריסטין. האָט זיך די דאָקטאָרשע דע־ריבער געקאנט ראַטעווען אַלס אַ דינסט צווישן פּויערים. אויך זי האָט געהאַט אַ מאַן, קינדערלעך צוויי קליינינקע, אָבער זיי האָבן פאַרמאָגט יידישע נעזער און אומעטיקע שווארצע אויגן. האָט מען זיי, פאַרשטייט זיך, שנעל אַנטדעקט און — זיי זענען מער נישטאָ. אָפּגעריסענע און הונגעריקע האָבן זיך פאַראיאָרן געטראָפֿן אויף אַ ביאַליסטאָקער גאס צוויי בלאָנדזשענדיקע איינזאַמע יידישע אינטעליגענטן. האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַראייניקן זייער ווייטערדיקן שיקזאַל און אָנהויבן פֿון דאָס ניי, און חתונה געהאַט. עס האָט זיי אָפּגעגליקט; מען פּראַקטיצירט, פאַרדינט. אין שטוב שטייט לייטישע מעבל, פֿון קראַן גיסט זיך קאַלטע וואַסער. אין גרויסן צימער איז אָנגעהייצט. אַ נייע יידישע פאַמיליע איז געבוירן געוואָרן פֿון דעם אש.

און אַזוי קומט דאָס פּאָר אין אַלע ישובים. אַן איינזאַמער מאַן, וועמענס פאַמיליע איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן, באַגעגנט אַ פאַרלאָזענע, אַ פאַריתומטע פרוי. זיי האָבן חתונה און שאַפֿן אַזוי אַרום דאָס ביסל וואַרימקייט, וועלכע די בייזע וועלט אַרום זאָגט זיי אָפּ.

דערווייל זאַמלען זיך אין שטוב צונויף די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט: עס קומט בזשעזינסקי, אַמאָל אַ גבירישער ייד אין שטעטל קנישין. ער האָט זיך געראַטעוועט מיט זיינע דריי זין, געוועזן אויסבאַהאַלטן איז אַ דאָרף ביי פּויערים, אָבער זיין פרוי האָט מען איינמאָל אַ כאַפּ געטאָן און — זי איז אַוועק מיטן פייער.

און אָט זענען קאַנצעפּאָלסקי, קאַלעשניק, אברהם בערקאָוויטש, לייב איינשטיין, האַמבורג פֿון גראַיעווע און קושניער פֿון טרעסטינע, די פּראָ־ווינציעלע יידן בילדן איצטער דריי פערטל פֿון ביאַליסטאָקער איבערגע־בליבענעם ישוב. מען האָט זיי אַלעמען צונויפגענומען אין דער גרעסערער שטאָט, ווייל דאָ איז מער זיכערער. נישטאָ מער קיין יידן אין קרינעק, אין זאַבלודאָווע, אין האָראָדעק, אין טיקטין, אָט אין יענע אַלטע שטעט און שטעטלעך, וווּ אַ סך הונדערטער יאָרן האָט געשפּרודלט מיט אַן אייגנאַר־טיקן יידישן לעבן. געפֿינט איר דאָך די בילדער פֿון דעם אַרכיטעקטאָנישן

וואונדער, פון דער זאַבלודאָווער הילצערנער שול, אין אַלע ענציקלאָפּעדיעס. זי האָט איבערגעלעבט אַרום 600 יאָרן מלחמות, שטורעמס, שרפות. איצטער איז זי שוין פאַרברענט, אַזוי פאַרברענט איז די נישט ווייניקער זעלטענע טיקטינער שול, אַרום וועלכער עס האָבן זיך דורות לאַנג געוועבט אַזעלכע שיינע פאָלקס־לעגענדעס און נסים. נישטאָ מער דער ארון־קודש מיט דער איינגעמויערטער פאַרמעטענער קמיע, וועלכע האָט אָפּגעראַטעוועט יידן פון בייזע גזירות און אומגליקן... דאָס מאָל איז דער נס נישט געשען: נישטאָ די קמיע און אויך זענען די יידן נישטאָ...

זעצן מיר זיך מיט די איבערגעבליבענע אַרום אַ פּיין געדעקטן טיש און מען פירט די זיצונגען פון ביאַליסטאָקער קאָמיטעט. דער פּאָרזיצער דערציילט וועגן נייעם לעבן, וואָס מען בויט אויף די חורבות, ווייל דאָס לעבן מוז דאָך אָנגיין, כאָטש קיינער וויל מער נישט בלייבן אויפן דאָזיקן פאַרפלוכטן באָדן.

אַ יידישע שולע, אין וועלכער מען אונטעררריכט אויף העברעאיש צו 25 געבליבענע קינדער, אַ ביבליאָטעקל מיט 400 ביכער; אַ קיך, ווו עס עסן טעגלעך אַרום הונדערט יידן; אַ שפּיטאָל, אין וועלכן עס אַרבעטן די צוויי יידישע דאָקטוירים.

נישט לאַנג האָט זיך אויסגעבילדעט די יידישע רעליגיעזע קהילה, דערוויילע נאָך מיט 40-50 אַנטיילנעמער, אָבער זי האָט שוין אַ בית־מדרשל, טאַקע דאָ אין שכנות, מיט אַ כשרער קיך אויך. איר וועט אוודאי וועלן זי באַזוכן?

אפילו אַ טעאַטער האָט די יוגנט געגרינדעט, לויטן מוסטער פון קליין־קונסט, לויט דער אַמאָליקער שיינער טראַדיציע פון ביאַליסטאָקער „גילה־רינה". גראָד היינט מאַכט מען די פּראָבעס פון דער פּורים־פּייערונג. זיי רעכענען אויך אַרויספאָרן קיין וואַרשע, לאָדזש און געבן פאָרשטעלונגען.

וואָס טוען יידן, פון וואָס לעבן זיי? אביסל בעלי מלאכות: שוסטערס, שניידערס, מעכאַניקער אַרבעטן פונדעסטוועגן אפילו צווישן גויים. אביסל סוחרים, וואָס האָבן געלט, פאָרן היין און צוריק צווישן וואַרשע און ביאַליסטאָק, ברענגען סחורות, בייטן דאָלאַרן...

יידישע קראָמען זענען דאָ נישטאָ, עס וואָלט דאָך געווען אַ משוגעת זיך אָוועקשטעלן אין אַן אָפענער קראָם און וואַרטן — אויף קונים; אַרום

זעכציק יידן זענען שוין געפאלן אין ביאליסטאָק און אומגעגנט זינט דער באפרייאונג... די שכנים האָבן זייער שלעכט באגעגנט די צוריקגעקומענע אָפגעראָטעוועטע...

כאָטש עס דערציילט מאגיסטער טורעק: „גראָד אין ביאליסטאָקער געגנט זענען געווען א פּאָר הונדערט פּאָליאקן, וועלכע האָבן געהאָלפן און באהאלטן יידן. עטלעכע לינקע פּאָליאקן־ארבעטער האָבן אפילו אנטיילגענומען אין ביאליסטאָקער אויפשטאנד און אומגעקומען צוזאמען מיט די יידן".

עס עקזיסטירט אָבער א געהיימע אָרגאניזאציע אין ביאליסטאָקער געגנט, וועלכע איז זיך נוקם אָן קריסטן, וואָס האָבן געהאָלפן אָדער זענען איצטער מקרב יידן. נישט לאנג האָט מען געשאָסן א פּאָליאק, וועלכער האָט פריער באהאלטן יידן און איצטער פארדונגען א טייל פון זיין דירה צו א צוריקגעקומענעם. מיט איינציקע וואָכן צוריק האָט מען ביי א פּוילישער פרוי, וועלכע האָט דערציילט, ווו עס געפינט זיך אָנגערויבטער יידישער פארמעגן, אויסגעשניטן די צונג...

— און וואָס זענען אייערע איצטיקע נויטן, יידן?

— נו, מען דארף אויפבויען א פּלויט ארום דעם געטאָ־בית־עולם, וועלכער געפינט זיך אין מיטן שטאָט. דאָרט זענען באגראָבן די יונגע העלדן פון אויפשטאנד. דאָרט שטייט אויך די מצבה נאָך די זעכציק טויזנט ביאליסטאָקער יידן...

רופט זיך אָפּ קאלעשניק, דער מוליער:

„איך האָב אליין אוועקגעפירט די קערפּערס פון אונדזערע טייערע יונגען אין פּויערישע פורן. מיר און נאָך עטלעכע פורמאנעס האָבן די רוצחים פאַראָרדנט מקבר זיין די שוואלבן... לאנג, לאנג האָבן זיי זיך געהאלטן מיט באָמבעס, מיט רעוואָלווערן, מיט זויער־קוואס. יינגלעך און מיידלעך פון אָרימע באלעבאטישע פאמיליעס. זיי האָבן נישט געוואלט דורכלאָזן די נאציס אין געטאָ אריין איבערן בריקל אויף גומיענער גאס. און געפאלן אלע ביז איינעם, די ליבע „יאטן". איך האָב זיי דאן באגראָבן אין איין קבר און געקושט זיי און געוויינט און אויך געזאָגט קדיש".

די זיצונג גייט ווייטער אָן: „מען דאַרף האָבן דירות פאַר די רע־פּאַטריאַנטן, וואָס קומען פון רוסלאַנד. עס וועלן קומען הונדערט און אפשר מער, כאָטש די רעגירונג שיקט זיי אַלעמען אָפּ קיין שלעזיע, ווו עס זענען פאַראַן דירות נאָך די דייטשן, און מען לאָזט זיי נישט אַריין אין די געגנטן פון אַלט־פּוילן, ווו די הייזער זענען רואינירט. מען דאַרף האָבן אַ הלוואה פאַר אַ בעל־מלאכה; מען דאַרף אים קויפן אַ מאַשין; קיבוצים זענען דאָ פאַראַן, וועלכע מען מוז איינאָרדענען מיט געצייג און אַביסל מעבל. דאָס געלט, וואָס קומט פון אַמעריקע, ווערט דאָך אויסגעצאָלט אין זלאָטעס, באַקומען מיר נאָר אַ פינפטל פון זייער אמתן ווערט"...

יאָ! מרובים צרכי עמך — אַפילו ביי אַזאַ קליינער עדה. אַביסל פאַר־דריסט מיך טאַקע, וואָס די איינציקע הונדערט איבערגעבליבענע ביאַליס־טאָקער יידן דאַרפן נאָך חלומען פון שיך; אין ניו יאָרק אַליין ווױנען דאָך מער ווי צוואַנציק טויזנט ביאַליסטאָקער...

אָבער איך בין אין אַ גליקלעכער לאַגע, וואָס איך האָב מיט זיך אַ פּאָר מיליאָן זלאָטעס, וועלכע זענען אין דער „האיאס" געגעבן געוואָרן דורך לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע, אַרגענטינע, טשילע, קאַנאַדע.

איך לייג דאָס געלט אויפן טיש... עס ווערט פריילעכער, מען וועט האָבן אַ קאַסע, די ערשטע אין פּוילן. מען וועט געבן הלוואות...

„טאָ לאָמיר טאַקע נעמען אַ קאַפּיטשקע משקה פאַר יענע אַמעריקאַ־נער ברידער, וואָס פאַרגעסן נישט אָן אונדז!"

— דער ערשטער „לחיים" פאַר ארץ־ישראל — און עס טרינקען אַלע: די ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן, די סתם יידן.

— הלוואַי זאָל מען צו אייך נישט דאַרפן אָנקומען, נעמט אונדז אַרויס פון דאַנען, וועלן מיר באַווייזן דעם אייגענעם „קונץ", וואָס איר האָט באַוויזן.

מען טרינקט אַ צווייט גלעזל און אַ דריטס, מען פאַרבייסט מיט שמעקעדיקן ראָזעווען ברויט, מיט הערינג, מיט ווורשט.

— „לחיים" פאַר יידישער איינציקייט — רופט זיך אָפּ אַ קאָמוניסט.

— און פאַר יידישער אייביקייט — גיט־צו דער ציוניסט טורעק.

דערווייל קומט אַריין דער רב, ר' בער מאַזור. אַמאָל געווען שוחט אין שטעטל מאַלינאָווקע, היינט איז ער רב און שוחט אין ביאַליסטאָק.

ער וויל, איך זאָל מיט אים אַראָפּגיין אין בית־מדרש, וועלכער געפינט זיך אין שכנות, באַזוכן די כשרע קיך און פּאַרוואָס טאַקע זאָל אַ טייל פון דעם געלט, וואָס איך האָב געבראַכט, נישט גיין פאַר אַ מקוה?...

דער עולם אָבער פון קאָמיטעט האַלט נישט, ווייזט אויס, דערביי; זיי זענען אַביסל נישט שווה־בשווה מיטן רבונו של עולם. גיי איך טאַקע אַליין אַוועק זען דעם מקום קדוש אין שכנס הויז.

ווי קליין, ווי אָרעם איז דער בית־מדרשל, דער איינציקער איצטיקער יורש פון דער גרויסער שטאָט־שול, פון די צענדליקער יחוסדיקע בתי־מדרשים, פון די הונדערטער בתי־תפילה אין אַמאָליקן ביאַליסטאָק; זיי זענען אַלע מער נישטאָ, פאַרוויסט: פאַרברענט, און אַנשטאָט דעם אָט דאָס צימערל־דלת־על־דלת, מיט אַ קליין ארון־קודשל, אַביסל צעריסענע, צעפליקטע ספרים, אויפגעקליבן, ווייזט אויס, צווישן חורבות: אַ גמרא, אַ פּאָר חומשים, אַ פּאָר סידורים...

מען דאַוונט מנחה ביי אַ מנין־מצומצם. און ווידער אַ פּאָר יונגעלייט אין שינעלן, אין צעקראָכענע שטיוול פון לאַנגע, לאַנגע מאַרשן. זיי זענען פון רוסלאַנד געקומען. נישטאָ דאָ קיין עלטערע מענטשן: זיי האָבן נישט געקענט איבערלעבן די ביטערע שווערע יאָרן.

נאָכדעם באַטראַכט איך די כשרע קיך. אַ פּאָר יידענעס קאָכן דעם זופּ מיט שטיקלעך פלייש, שניידן ברויט. קומען די פּאָר צענדליק ביאַליס־טאָקער יידן, וואָס ווילן דווקא עסן כשר: גרייט מען פאַר זיי טישן, צוגע־דעקט מיט ווייסן פּאַפּיר. דער רב דערציילט מיר, אַז דאָ אין קעלער וועט מען באַקן די מצות און ער דערוואַרט, אַז דאַן וועלן אַלע ביאַליסטאָקער יידן מוזן צו אים אָנקומען:

„דער ברוגז מיט גאָט לאָזט לאַנגזאַם אָפּ, און דער הייליקער פּסח וועט נישט פאַרשעמט ווערן”... — די יידענעס שאָקלען צו פרום מיטן קאָפּ.

עס ווערט שפּעטלעך, ווען איך באַזוך די שולע פאַר יידישע קינדער, די איינציקע אין שטאָט. עס איז שוין נאָך די לימודים, אָבער די קינדער שפּילן זיך און טאַנצן אַ „האָרא” און זינגען מיט טעמפּעראַמענט און התלהבות: „ארץ־ ארץ עבודה”. זיי ציען מיך אריין אין קאַראַהאָד. די ליבענקע ביאַליסטאָקער קינדערלעך, די איבערגעבליבענע פינף און צוואַנ־ציק פון זיי...

„הבה נגילה" — דרייען מיר זיך אזוי און טופּען מיט די פיס; „לאָמיר זיך פרייען!"... לאָמיר גליקלעך זיין, וואָס כאָטש ז יי זענען געבליבן, דאָס ביסל משהלעך און שרהלעך, וועלכע פארמאכן די אייגעלעך און זעען גרינע פּאַלמען און בלויע הימלען אין איצטיקן ווינטערדיקן פארנאכט פון שנייען און פראָסטן...

די הענטעלעך, וועלכע פלעכטן זיך ארום מיר, זענען אַלע נומערירט, טאטואירט, אויסגעברענט מיט די ציפערן פון באראק 20 אין אָשוויענטשים, פון יענעם „ציגיינער באראק", פון וועלכן די גרעסטע טייל פון די קינדער זענען דורך פארשידענע נסים צוריקגעקומען. אַביסל קינדער זענען יתומים — אָן א טאטן, אָן א מאמען, אָן א גואל, אָן א פריינט...

אָבער, „הבה נגילה!" עס איז נישטאָ קיין נעכטן, עס איז נישטאָ קיין היינט — אָבער א מאָרגן איז פאראן, א ליכטיקער, א זוניקער, כאָטש פאר זיי, פאר די קינדער, ווי קען דען אנדערש זיין?

דאָרטן, אויף דער צווייטער גאַס, ליגן זייערע עלטערע ברידער און שוועסטער באַגראָבן, די „גבורימלעך", ווי מען רופט זיי אין ביאַליסטאָק, וועלכע האָבן אַזוי בראוו געקעמפט און ווי העלדן געפאלן על קידוש השם...

זיי ליגן דאָ בשכנות אין א גרויסן גרוב, באדעקט מיט שניי, אָן אַ סימן פון א מצבה, צווישן טויזנטער אנדערע קדושים וטהורים.

„זיי ליגן דאָרט צווישן יענע ביינער,
געטוליעט זיך מיט לעצטן צער און וויי...
דער ווינט איז זייער איינציקער באוויינער
און דאָס איז אַלץ! פאר מיר, פאר דיר, פאר זיי!
(סעגאלאָוויטש)

און ווייטער:

איך בין אויף שטויב צעברעקלט פון דעם גרויל.
דו ווייסט, וואָס הייסט געשאָכטענע מיליאָנען —
מען קאָן עס דען ארויסרעדן פון מויל!?"

אָבער לאָמיר, קינדער, פריילעך זיין, לאָמיר טאנצן, ווייל אָט לעבט איר דאָך און דערצו נאָך פול מיט האָפענונג, אז אפילו אין ד ע ר רשעותדיקער וועלט וועט איר א פּלאַץ געפינען, פון וואַנען איר וועט קאָנען אָנהויבן פון אָנהייב...

ווען איך גיי ארויס פון דער שולע, הער איך נאָך הינטער מיר דאָס טופּען פון די פיסלעך און דעם ווידער־קול: „ארץ, ארץ!" — און אזוי גיי איך אריין אין צווייטן הויז, וואָס איז אַ שטיק צאַפּלדיק לעבן אין דער חרובער שטאָט. דאָס איז דאָס הויז אויף פּאָלנע 22, ווו עס האָבן זיך איינגעאָרדנט די צוויי הכשרה־קיבוצים פון ציוניסטישער יוגנט. אונטן איז די קבוצה „גורדוניה"; אויבן — די קבוצה פון „לנגב" פון די רעכטע פּועלי־ציון.

לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות, אַז דאָס בין איך אריינגעפאַלן גאָר אין אַ קאַזארמע... שטעלט אייך פאָר: עס לויפן אייך ארויס אנטקעגן יונגעליייט געקליידטע אין „פּאַפּאַכעס" (פוטער־היט־לען), אין שינעלן, אין הויכע שטיוול. די מיידלעך אויך אין שינעלן, אויף די שינעלן באַמבלען זיך רוסישע און פּוילישע מעדאַלן... אנטקעגן גייט ארויס אַ יונגער סאָלדאַט און שטעלט זיך פאָר אין אַ גוטן העברעאיש אַלס דער מנהל פון קיבוץ „גורדוניה", זאב האָבען. הינטער אים גייט באַשיידן אַ יונג חנעוודיק מיידל אין אַ שינעל: זי איז די מנהלת פלאָרא (שושנה) ברענער.

זיי באַגעגענען מיך הארציק, ווארעם, ווי אַ חבר, ווי אַ פריינט. עס ווייזט זיך ארויס, אַז ביידע קיבוצים זענען צוזאַמענגעשטעלט פון דעמאָ־ביליזירטע זעלנער פון די רוסישע און פּוילישע ארמייען און פון איבער־געבליבענע העלדן פון געטאָ־ווידערשטאַנד... אויפן ברוסט פון מנהל זע איך דעם שווארץ־געלן צייכן פון סטאַלינגראַד־אָרדען און דעם זילבער־קרייץ „ווירטוטי־מיליטארי", דער העכסטער מעדאַל פאַר העלדישקייט. און אזוי ביי אנדערע.

זיצן מיידלעך און נייען; שטייען בחורים און הובלעווען ברעטער: קלאַפּט אַ האַמער מיט זיין געזאַנג אויף אַן אויסגעבויגענער רער.

ווי אין יענעם אַלטן ליד ווערט דאָס אַלץ צוגעגרייט פאַרן מלך המשיח...

דאָ זענען פאַראַן קינדער פון קאָוונע, פון לעמבערג און פון ביאַליס־טאָק גופא; דורכגעמאַכט אַלע שטורעמס, געבראָכן אַלע פראָנטן. זענען זיי שטיין געבליבן ביי דעם שווערסטן פון זיי: פראָנט ירושלים...

XIV

# לאָדזש

די צאָל יידן אין היינטיקן לאָדזש קען קיינער נישט ריכטיק אָפּשאַצן: גלייך נאָך דער באַפרייאונג זענען דאָרט געפונען געוואָרן 900 יידישע נפשות, וועלכע האָבן דורך פאַרשידענע וועגן פון נסים איבערגעלעבט די פאַרניכטונג. היינט ציילט לאָדזש ארום צען טויזנט, כאָטש עס זענען שוין געוועזן דאָ קרוב 20.000. אגב זענען פון לאָדזשער געטאָ ארויסגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן ארום צוויי הונדערט טויזנט יידן!

אַדאַנק דעם דר. פרידמאַן, דעם ענערגישן און מעטאָדישן פּאָרזיצער פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן, ווערט פון ברעקלעך, דערציילונגען און שמות־דאָקומענטן רעסטאַווירט און אויפגעשטעלט די גאַנצע טראַגישע געשיכטע פון די היטלער־יאָרן אין גאַנץ פּוילן. אין יעדער גרעסערער שטאָט — אין לאָדזש, וואַרשע קראָקע, ביאַליסטאָק — ווי אויך אין קלענערע ישובים, ווערן שוין אַרויסגעגעבן אין יידיש און אין פּויליש ביכער און בראָשורן, זכרונות און דאָקומענטן. פאָטאָגראַפישע בילדער, גענומען פון שיסערייען, דעפּאָרטאַציעס, גאַסן־סצענעס, דערגאַנצן דעם מוראדיקן פילם פון אונדזער קאַטאַסטראָפע.

אין לאָדזשער געטאָ האָבן געהערשט גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען, ווי אין די אַנדערע געטאָס פון פּוילן. די יידן האָט מען געגעבן א פּורים־שפּיל־מלך, א געוויסן חיים רומקאָווסקי, וועלכן גאַנץ לאָדזש האָט געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה אַלס אַן אַלטן „טשודאַק”. איך אַליין געדענק אים,

ווי ער איז ארומגעגאַנגען אָן אַ היטל איבער די גאַסן ביז אין טיפן ווינ־טער אַריין, געטיילט צוקערקעס יונגע קינדער; זיך געקריגט מיט דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווו ער איז געווען אַ קאָמיטעט־מיטגליד, ביז מען האָט אים פון דאָרט ארויסגעשטויסן; זיך צעריסן מיט דער קאָאָפּעראַטי־ווער באַנק, ווו ער איז געווען אין פאַרוואַלטונג, ביז מען האָט אים פון דאָרט אַרויסגעוואָרפן.

זיין כאַראַקטעריסטישער רויטער פּנים מיטן ווייסן קאָפּ האָר זענען געווען אַ מין טעאַטער־רעקוויזיט אין די קאָכיקע גאַסן פון פּוילישן מאַנ־טשעסטער.

די געשיכטע פון זיין הערשאַפט אין געטאָ ווערט נאָך איצט אויסגע־פאָרשט און פאַרשריבן. פון אָנפאַנג האָבן אים די דייטשן אויך באַליידיקט און געשלאָגן, ווי אַלע אַנדערע יידן. שפּעטער אָבער האָט ער געוווּנען זייער צוטרוי און זיי האָבן אים געשענקט אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן. זיין אונ־טערשריפט איז געווען אויף די יידישע געלט־באַנקנאָטן, אויף יענע געלע, גרינע און רויטע פּאַפּירלעך מיט דער מנורה און מגן־דוד, וועלכע יידישע שקלאַפן האָבן באַקומען אַלס באַלוינונג פאַר זייער קאַטאָרזשנער ארבעט. זיין בילד איז געווען געדרוקט אויף די יידישע פּאָסט־מאַרקן — איצט אַ גרויסע פילאַטעליסטישע זעלטנהייט — ווו רומקאָווסקים גרויער קאָפּ פאַר־דעקט כמעט אייניקע קלייניקע יידעלעך־ארבעטער, וועלכע נייען קליידער און שיך און בויען אַ לאַנגע בריק. די דאָזיקע פּאָסט־מאַרקע, איבעריקנס געניגנט אַרטיסטיש אויסגעפירט פון אַ געטאָ־קינסטלער, האָט דאָס געדאַרפט ווייזן דער וועלט דעם אָפּגעשלאָסענעם גן־עדן, אין וועלכן „ארבעט מאַכט דאָס לעבן זיס".

אין דער יידישער געטאָ־צייטונג, אין וועלכער מען האָט פאַרטומלט מיט פאַלשע דייטשע נצחונות די פאַרחושכטע שקלאַפן אין לאָדזש, האָבן קאָמישע הויף־פּאָעטן באַזונגען דעם „איידעלן, ווייכהאַרציקן געטאָ־פּרע־זידענט, וועלכער איז טאָג און נאַכט זיך מפקיר פאַר זיינע לאָדזשער גלויבנס־גענאָסן". אָט זענען אַ פּאָר פערזן פון אַזאַ ליד, געדרוקט אין דער „געטאָ־צייטונג":

„אונזער פּרעזעס הערר רומקאָווסקי,
חוץ מיט שכל און טאַלאַנט,

איז געבענשט פון בורא־עולם
מיט א פעסטער, שטארקער האנט.
אלע בייזע עלעמענטען
ליגען שוין אונטער א וואנט.
ס'הערשט אין געטאָ רוה און אָרדנונג
נור א דאנק דער שטארקער האנט."

עס עקלט ממש פון צעדרייטן, מטורפדיקן „זעלבסטהערשער" רומ־קאָווסקי, שוין אפילו פון די פּאָר אויבנגעבראכטע לעקעך־ישע פערזן... איר פאַרשטייט דעם ווונק וועגן די „בייזע עלעמענטן, וואָס ליגן אונטער א וואנט?" דאָס זענען דאָך יענע יונגע בונטארישע יידן, וואָס האָבן אומ־אויפהערלעך געוועקט די האָפענונג, געטראָגן טרייסט אין די ענגע שמו־ציקע אָפּגעשלאָסענע יידן־געסלעך פון באלוט; דאָס זענען געווען חלוצים און אַרבעטער־סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן פּרובירט אויפהאלטן דעם גייסט פון ווידערשטאנד, פון האָפענונג און גאולה. קעגן זיי האָט דאָס רומקאָוו־סקי אָרגאַניזירט זיין שענדלעכע פּאָליציי און צוזאמען מיט די נאַצישע זשאנדארמען האָט מען „גערייניקט" די געטאָ פון אזעלכע אומגעוווינ־טשענע עלעמענטן.

עס איז נאָך נישט געקומען די צייט צו אַרויסברענגען מיטן גאַנצן ברוטאלן אמת די ראָלע פון די רומקאָווסקיס אין דער פארניכטונג פון די יידן אין פּוילן... מיט שטאָלץ דערמאָנען מיר דעם קדוש טשערניאַקאָוו, דעם פּרעזידענט פון וואַרשעווער געטאָ, וועלכער האָט גלייך דעם ערשטן טאָג, ווען מען האָט פון אים געפאָדערט יידן־טראַנספּאָרטן, איינגענומען סם און געשטאָרבן על קידוש השם.

אָדער אפרים באַראַש — דער ביאַליסטאָקער ראש־הקהל — וועלכער האָט אין די קעלערן פון קהילה־געביידע פאַרבאַרייטעט באָמבעס פאַרן טאָג פון נקמה, לאַנג סאַבאָטירט די פאָדערונג פון אַרויסגעבן יידן, ביז ער איז אַוועק אין פייער, אַנפּירנדיק זיין עדה אין לעצטן טאָג פון חורבן ביאַ־ליסטאָק, דעם 16־טן אויגוסט 1943 יאָר.

אָבער רומקאָווסקי האָט ענערגיש און סיסטעמאַטיש מיטגעאַרבעט ביים „אָפּרייניקן די געטאָ". זיינע פריינט אין געשטאַפּאָ האָבן אים צו־

געזאָגט א ווילע ערגעץ אין א רואיקן ווינקל ביים טייך ריין, ווו דער אַל־טער זיבעציק־יאָריקער בעל־עבירהניק מיט א צוגעקליבענעם הארעם פון יונגע מיידלעך וועט קאָנען אויסלעבן זיינע יאָרן... און טיילווייז האָבן זיי געהאלטן וואָרט: ווען די לאָדזשער יידישע גאסן זענען שוין געווען אויס־געליידיקט, האָט מען רומקאָווסקין מיט דער פרויען־סוויטע אין לוקסוס־אויטאָמאָבילן אָפּגעפירט אין אַן אויסגעהלומטן רואיקן שטעטל. ווען די אויטאָמאָבילן זענען דאָרט אָנגעקומען און עלעגאַנטע געשטאָפּאָ־אָפיצירן — אַלטע פריינט פון זיינע לאָדזשער בלוטיקע טעג — האָבן ארויסגעפירט דעם „לעצטן שמוציקן מאָהיקאַן", האָט מען אים פון דערווייטנס אָנגעוויזן א הויז אין בלומען, אין וועלכן ער וועט וווינען... אָ, זיי זענען ווירקלעך פיינע לייטע, זיינע שותפים פון די רומפולע געטאָ־יאָרן! עס איז געווען זומער און לאַבעדיק־פריילעך דערנענטערט זיך רומקאָווסקי און זיין קאָמפּאַניע צו דעם אָנגעוויזענעם הויז...

וואָס איז דאָס? מען שלאָגט זיי מיט בייטשן? מען שיסט אויף זיי? עס פאַלן די קינדער־מיידלעך, וועלכע האָבן נאָר וואָס געלאַכט אונטער די זונען־שירעמס. עס ווערט דורכגעלעכערט מיט קוילן רומקאָווסקי אַליין און זיין קערפּער פאַלט אין גאַנצן א פּאָר שריט פון דעם צוגעזאָגטן האַפן, ווו ער האָט געזאָלט זיינע יאָרן אויסלעבן. דער הויפן קערפּערס ווערט זאָפּאָרט אויפגעראַמט און אַוועקגעפירט צו דער דערבייאיקער געביידע מיט די פיר הויכע קוימענס... נישט אין א שטעטל ביים ריין איז רומ־קאָווסקי אָנגעקומען, נאָר דירעקט קיין אָשוויענטשים, און דאָרט, אין די ריזיקע קאַלך־אויוונס, האָבן זיך זיינע טריפהנע איבערבלייבענישן צונויפ־געמישט מיטן ריינעם אַש פון מיליאָנען קדושים און טהורים...

:: :: ::

פרייטיק צו נאַכטס בין איך צו־גאַסט ביים באַקאַנטן אַמאָל אין סאָנ־דאָמיעזש (צויזמער) יידישן סוחר ה' זעליק בראָנשטיין. ער איז א חסידי־שער ייד אַמאָל געווען און היינט אין לאָדזש פירט ער נאָך אַלץ דעם יידישן שבת־שטאָט: מיט קידוש, מיט חלה, פיש און ווייַן. אָבער רופן רופט ער זיך יאַן באָרקאָווסקי, לויט די פּאַפּירן, וועלכע ער האָט געהאַט אין די צייטן, ווען ער איז געלעגן באַהאַלטן אויפן בוידעם אונטערן שטרוי, באַטש

איצט נארט ער דאָך קיינעם נישט אָפּ מיט זיינע שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, יידישער נאָז, און איבערהויפּט מיט דער נערוועזיטעט אין באַוועגונגען, דורך וועלכע איר קאַנט דערקענען אַ ייד אפילו פון הינטן. אים האָט גלאַט געטראָפן אַ גליק: זיין פרוי, אַ טרייע יידישע טאָכטער, זעט אויס ווי אַן אמתע יונגע פוילישע פריצטע: אַ בלאָנדער קאָפּ האָר, אַ פּאַרריסענע סלאַווישע נאָז, בלויע אויגן, ווי עס פלעגן זאָגן יידן אין פוילן בעת די נאַצים: „זי זעט גוט אויס"... און אזוי ווי בראָנשטיין איז געווען אַ ייד, וואָס האָט פאַרמאָגט מזומנים און גאָלד און דימענטן, האָט מען ביי אַ באַקאַנטער פוילישער פאַמיליע זיך אויסבאַהאַלטן צוויי מיט אַ האַלב יאָר, נאָכדעם ווי מען האָט פאַר גרויס געלט זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. דאָס הייסט, די פרוי זיינע האָט זיך נישט געדאַרפט באַהאַלטן, ווייל אַלס פּאַני באָרקאָווסקאַ מיט איר גוטן אויסזען און פוילישער שפּראַך האָט זי אָפן געלעבט ביי אירע פוילישע פריינט, אָבער דער מאַן און צוויי יינגעלעך זענען דרייסיק חדשים נאָכאַנאַנד געלעגן באַהאַלטן אונטער שטרוי אויפן בוידעם. עסן האָט מען זיי געטראָגן פון אונטן. די גאַנצע צייט זענען זיי קיינמאָל נישט אַרויס פון דעם בוידעם־לאָך, וואָס מען האָט פאַר זיי באַשטימט. קיינער אין הויז האָט נישט געטאָרט חס־ושלום אפילו חושד זיין, אַז ערגעץ־ווו באַהאַלטן זיך יידן: אנדערע וואָלטן זי אַרויסגעגעבן צוליב מורא, אנדערע צוליב שנאה און נאָך אנדערע צוליבן פאַר פונט צוקער, וואָס מען האָט פאַר אַ יידישן קאָפּ געצאָלט...

זיצן מיר איצט ביים טיש מיט דער בראָנשטיין־פאַמיליע און מיט זייערע געסט: די גויים, ביי וועלכע זיי האָבן געוווינט, און וואָס ווילן גראָד אין שטאָט. עס זענען אויך געקומען דר. פאַלעק מיט זיין פרוי; ער אַ מאַיאָר פון דער פוילישער אַרמיי, זי אַ בלאָנד־קאָקעטישער לייטענאַנט.ביידע זענען זיי געקומען מיט די חילות פון מאַרשאַל זשימיערסקי, ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך דורכגעריסן קיין פוילן אין לעצטן שטורעמדיקן מאַרש. זיי שטאַמען פון וואָלין, דר. פאַלעק אליין, איצט אַ באַוווסטער כירורג, איז געווען אַן אָנפירנדיקער חבר פון „התאחדות" און נאָך איצט טראָגט ער אויף זיך די לאַסט פון זאַמלען מיטלען פאַרן וואַנדערבאַרן גורדוניה־קיבוץ פון יונגע ציוניסטן אין לאָדזש, וועלכע ענדיקן זייער הכשרה און זענען גרייט יעדן טאָג אָפּמאַרשירן קיין ארץ־ישראל.

דר. פאַלעק דערציילט טאַקע מיט ענטוזיאַזם וועגן לעבן אין די הכשרה־קיבוצים אין גאַנץ פוילן. ער האָט זיי נאָר־וואָס באַזוכט און איז פול מיט פרייד איבער די שוין דערגרייכטע רעזולטאַטן. נו, קאַן מען דען האָבן ספיקות אין נצח ישראל, ווען אַרום פיר טויזנט יוגנטלעכע, פון וועלכע יעדער איז דורכגעגאַנגען אַ גיהנום פון ליידן און דורך נסים לעבן געבליבן, האָבן זיי זיך אין משך פון אַ קנאַפּן יאָר אָרגאַניזירט פון איין עק פוילן ביזן צווייטן און אויסגעבויט אַרבעטס־נעסטן, ציון־נעסטן, צווישן אַ פרעמדער פיינטלעכער סביבה, אין לאָדזש, וואַרשע, ביאַליסטאָק, טשענ־סטאָכאָווו, און די נײַ־דעראָבערטע דײַטשע שטעט פון נידער־שלעזיע. קיבו־צים, וווּ מען זיצט נישט מיט צונויפגעלייגטע הענט, וואַרטנדיק אויף אַ וויזע, נאָר מען אַרבעט שווער אַ גאַנצן טאָג אין פאַרשידענע פאַכן. מען לערנט אויך העברעאיש, תנ״ך און אַלגעמיינע לימודים, אָניאָגנדיק וואָס מען האָט פאַרלוירן אין די יאָרן פון קריג...

אינמיטן דר. פאַלעקס דערציילונג קומט אַריין אַ גאַסט, אַ הויכער, שלאַנקער, גרוילעכער הער מיט מיליטערישע מאַנירן און מיט אַ גומענעם שטעקל אונטערן אָרעם, אַזוי ווי עס טראָגן ענגלישע אָפיצירן. מען נעמט אים אויף מיט שמחה און מען שטעלט מיר אים פאָר אַלס פּולקאָווניק סקאָבעלעוו. ער זעצט זיך גלייך אַוועק, ווי אַ היימישער און זײַן ערשטע פראַגע אין רוסיש איז געווען: „וואָס, שוין פאַרשפּעטיקט קידוש?״

ער באַמערקט מײַן פאַרוואונדערונג און גיט־צו מיט אַ שמייכל: „איך הייס אַזוי סקאָבעלעוו, ווי דער באַלעבאָס הייסט באָרקאָווסקי... און איר דאַרפט דאָך מיך גוט געדענקען פון בריסק, ווען איר פלעגט קומען צו די ווינניקאָווס, צום אַמאָליקן פּרעזידענט דאָרטן פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע. איך הייס טאַקע אויך ווינניקאָוו... אָבער סקאָבעלעוו בין איך געוואָרן שפּעטער — פּולקאָווניק סקאָבעלעוו — וואָס האָט כלומרשט פאַר־ראַטן סאָוועט־רוסלאַנד צוזאַמען מיטן גענעראַל וולאַסאָוו, ווייל אין באַ־ראַנאָוויטש, וווּ איך האָב געוווינט, ווען די דײַטשן האָבן זי פאַרנומען, וואָלט מען ווינניקאָוון געהרגעט, אָבער סקאָבעלעוון, דעם פאַררעטער, האָט מען מיט גרויסע כיבודים מיטגענומען מיט זיך, דער אמתער פאַררעטער סקאָבעלעוו איז טאַקע אין באַראַנאָוויטש דערהרגעט געוואָרן, און מיט זײַנע פּאַפּירן, אַ דאַנק מײַן פאַרוואונדעטן פוס, האָב איך אָפּגעלעבט אין

סקערנעוויץ די גאַנצע דריי יאָר, אין רייכקייט און אין כבוד... איצט סלייב איך זיך קיין ארץ־ישׂראל צו מיין פאַמיליע — איך האָב שוין אַ סער־טיפיקאַט"...

איך באַטראַכט די מענטשן ארום מיר, ביים שבתדיקן טיש אין לאָדזש אויף זאַוואַדסקע גאַס: די באַלעבאַטים, זייערע גויאישע באַשיצער, דעם דר. פאַלעק מיט זיין פרוי — ביידע אין מונדירן מיט מעדאַלן — דעם פּול־קאָווניק סקאָבעלעוו, דעם איינציקן איבערגעבליבענעם מיטגליד אין פוילן פון דער אַמאָל אַזוי באַקאַנטער ציוניסטישער וויננִיקאָוו־משפּחה, מיך אַליין...

און איך קלער פון פאָלק ישׂראל מיט די ווערטער פון דער פּאָעמע „נישטאָ":

א באַלזאַמירטער פון עקשנות
איז ער פאַרגאַנגען לעם די שכנים...
דאָס איז אַ בלוטיקער ליצנות:
די וועלט מיט אַלעמען אינאיינעם... (סעגאַלאָוויטש)

איך מאַך נאָך פיל באַזוכן אין לאָדזש, אויספירנדיק שליחותן פאַר מיינע פריינט אין פאַרשידענע לענדער פון צפון און דרום אַמעריקע.

אָט בין איך אין דער שיין מעבלירטער דירה פון די ווייטע קרובים פון גרויסן קינסטלער, אַרטור שיק. די פרויען דאָ האָבן זיך געראַטעוועט, ווייל זיי האָבן „גוט אויסגעזען". אָבער די מענער און די זין זענען אַלע אַוועק מיטן פייער, נישט געקאַנט מסתמא באַהאַלטן זייער יידישקייט. איך דערוויס זיך טאַקע אין דער דירה, ווי אַזוי איז אומגעקומען די אַלטע מוטער פון מיין נאָענטן פריינט אַרטור שיק... איך בין אַזש אויפגעטרייסלט געוואָרן, ווען איך הער דערציילנדיק:

„ביי די שיקס אין הויז, ווען זיי האָבן נאָך געוווינט אין לאָדזש, איז געווען אַן אַלטע פּוילישע דינסט. יוזשע האָט זי געהייסן, וועלכע האָט יאָרנלאַנג מיט זיי געוווינט און אויפגעהאָדעוועט זייערע קינדער. שפּע־טער, ווען די שיקס האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, איז די טרייע יוזשע געבליבן מיט שיקס מוטער, אַן אַלטע, האַלב־בלינדע, און קראַנקע

פרוי. זי איז אומגעגאַנגען אַרום איר, געשפּייזט, געוואַשן... און ווען מען האָט יידן אין געטאָ פאַריאָגט, איז יוזשע מיטגעגאַנגען מיט דער אַלטער מאַמע פון אַרטור שיק, זיך נישט געוואָלט מיט איר שיידן. און שפּעטער, ווען מען האָט די געטאָ ליקווידירט און די לאָדזשער יידן קיין אָשוויענ־טשים אין די קרעמאַטאָריעס געפירט, האָט די פוילישע קריסטין יוזשע גענומען אונטערן האַנט די שוין כמעט־בלינדע אַלטיטשקע מוטער פון דעם קינסטלער און צוזאַמען מיט איר דעם „לעצטן וועג" דורכגעמאַכט, יאָ! צוזאַמען מיט איר געאָרעמט אין גאַז־צימער אַריין, ווו ביידע גלייכצייטיק האָבן זייערע נשמות אויסגעהויכט"...

איך קאָן נישט פאַרגעסן די שטימונג אין שטוב ביים גרויסן קינסטלער אין ניו יאָרק, ווען איך האָב זיי דערציילט די געשיכטע פון טויט פון זייער מוטער מיט איר לעצטער באַגלייטערין — די דינסט יוזשע...

עס האָט געקלונגען ווי אַן אַלטע באַלאַדע, אויסגעפירט מיט אומזע־באַרע פינגער אויף אַ פאַרכישופטער האַרפע...

און זי וועט נישט פאַרגעסן ווערן, די געשיכטע פון יוזשע, דער פוי־לישער דינסט, וועלכע גייט אין פייער מיט איר יידישער באַלעבאָסטע על קידוש השם. מען וועט די געשיכטע אין אַ ליד פאַרוואַנדלען...

יוזשע האָט מקדש געווען מיט דער טאַט איר פאָלק אין יענע צייטן פון סדום, ווען עס האָט זיך אַלעמען געדוכט, אַז עס זענען שוין גאָר קיין צדיקים אין פוילן נישטאָ...

יענע דאָקטערשע אויף מאָקאָטאָווער גאַס אין וואַרשע, וועגן וועל־כער איך האָב שוין דערציילט ווי אַזוי זי האָט געראַטעוועט דאָס פּעקל מיטן קינד, וואָס אַן אומגליקלעכע מאַמע האָט עס איר אַ וואָרף געטאָן בעתן „לעצטן גאַנג" — און איצט יוזשע...

געדענקט איר דעם עפּישן דיאַלאָג פון אברהם אבינו מיטן רבונו של עולם וועגן דעם פּרייז צוליב וויפיל צדיקים וועט ער דאָך נישט חרוב מאַכן סדום... דאָרט זענען איבערהויפּט קיין צדיקים נישט געווען און סדום איז אונטערגעגאַנגען.

און אַ סך יאָרן שפּעטער האָט אַ טאָכטער פון מואב — די וווּנדער־באַרע רות — געזאָגט צו איר שוויגער נעמי:

„ווו דו וועסט גיין, וועל איך גיין, ווו דו וועסט נעכטיקן, וועל איך נעכטיקן; דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין גאָט איז אויך מיינער"...

ווי פון די ווייטע ביבלישע צייטן, פון די אידילישע פרילינג־פעלדער, וועלכע האָבן געהערט צו בועזן, קלינגט־אָפּ ווי אַ טרייסט, ווי אַ גוטע בשורה, די באַלאַדע, ווי יוזשע די דינסט איז, געאָרעמט מיט דער אַלטער פרוי שיק, געגאַנגען גלייך אין קאַלך־אויוון אריין...

XV

# דאָס יידישע לעבן אין לאָדזש

ווען איך פאָר איצט דורך די לאָדזשער גאַסן, וואַרפן זיך יידן זעלטן אין די אויגן. און נישט דעריבער, ווייל זיי זענען דאָ נישטאָ — פאַרמאָגט דאָך לאָדזש אַרום 10 טויזנט יידישע נפשות — נאָר ווייל מען קאָן זיי לייכט נישט דערקענען. זיי האָבן זיך שטאַרק געענדערט; זיי באַמיען זיך אַלץ מער ענלעך זיין צו די אַרומיקע גויים.

פאַר דעם, וואָס געדענקט, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען אַמאָל אַ לאָדזשער גאַס מיט די באַבערדלטע, נערוועז־לויפנדיקע חסידים מכל המינים, אין לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטעס, איז דער איצטיקער אָנבליק פון דורכנייער פרעמד און אומבאַשטימט. יענע יידן זענען דאָך שוין מער נישטאָ. כמעט אַ פערטל מיליאָן פון זיי זענען אומגעקומען אין די קאַלך־אויוונס פון אָשוויענטשים. פון די אַמאָליקע תושבים פון שטאָט זענען צוריקגעקומען נאָר אַ צוויי־דריי טויזנט, ד. ה. איינער פון הונדערט איז לעבן געבליבן...

די איבעריקע, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט פון איצטיקן פּוילן, זענען צופעליק אָנגעלאָפענע עלעמענטן פון דער פרעמד. איר טרעפט אין לאָדזש יידן פון גראָדנע, פון ווילנע, פון וואַרשע, פון גאַליציע, יידן איינזאַמע, דורך נסים געראַטעוועטע, ווי פאַרטריקנטע צווייגלעך, פאַרטראָגענע פון אַ ווייטן שטורעם.

זייער קליידונג איז אומישנע גויאיש, כדי זיך נישט וואַרפן אין די אויגן; זייערע נעמען געענדערטע, צוליב דער זעלבער סיבה. אָבער דאָך העלפט דאָס נישט, היט נישט פאַר שנאה פון די אַרומיקע...

דוכט זיך, איבערגענומען די וווינונגען, די געשעפטן; דוכט זיך, גויים גייען אַנגעטאָן אין פוטערלעך, אנציגער, קליידער, וואָס זענען אַ ירושה, אוועקגעגזלט פון הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע זענען שוין מער ניטאָ, אָבער דאָס באַפרידיקט זיי נאָך אַלץ נישט. דערציילן מיר יידן, וואָס וווי־נען אין הייזער צווישן גויים, אַז די שנאה שטעכט זיי מיט די אויגן, אַז מען פאַרגינט זיי נישט דאָס לעבן, אַז מען טוט זיי נאָך אַלץ אָן רשעות אויף יעדן שריט. איז טאַקע דעריבער אַ ווונדער, וואָס ווען אין לאָדזש איז אָנגעקומען די ענגליש־אַמעריקאַנער קאָמיסיע וועגן ארץ־ישראל, האָט זיך פּלוצלינג דורכגעבראָכן אַזוי ווי דורך אַ ווילדן שטראָם אָט די דאָ־זיקע וואַנט פון מורא, און טויזנטער יידן, פאַרגעסנדיק, אַז זיי לעבן אונ־טער פרעמדע נעמען, אַז זיי באַהאַלטן זייער יידישקייט אונטער זיבן שלעסער, האָבן, ווי אַן אויפגעברויזטער ים, פאַרפלייצט די פּעטריקאָווער גאַס נעבן האָטעל, ווו די קאָמיסיע־מיטגלידער האָבן געוווינט, און דורכ־געפירט יענע אומפאַרגעסלעכע דעמאָנסטראַציע, וועלכע וועט יאָרן לאַנג בלייבן אין זכרון.

איך בין געקומען קיין לאָדזש אייניקע טעג נאָך דער היסטאָרישער געשעעניש, אָבער דאָך האָט נאָך יעדער ייד געפיבערט מיט שטאָלץ און פרייד, ווען ער האָט וועגן איר דערציילט.

איר פאַרשטייט? נישט ווייניקער ווי אַ העלפט פון אַלע יידן, וואָס וווינען איצט אין שטאָט, אַרום פינף טויזנט, זענען געקומען עפנטלעך מאָנען, שרייען, פּראָטעסטירן, אַ זאַך, וואָס האָט זיך אויסגעדוכט פאַנ־טאַסטיש און אומגלויבלעך, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז יעדער האָט זיך נאָר וואָס געהאַלטן אין שאָטן, מורא געהאַט זיך וואַרפן אין די אויגן. זיי האָבן זיך דעריבער דערפילט ווידעראַמאָל צוזאַמען, צונויפגעשמידט מיטן אחריות פון דורות... די באַוועגונג אין גאַס שטעלט זיך אָפּ; עס קאָנען נישט דורכפאָרן די טראַמווייען, אויטאָמאָבילן, פערד־דראָזשקעס. גויים דערשטוינטע, וואָס פון די לעכער, פון די ווייטע גאַסן, פון די שטילע דירות זענען טויזנטער יידן געקומען און ווידעראַמאָל באַהערשן זיי די פּעטריקאָווער גאַס, כאָטש אויף אַ קורצער ווייל, און גויים, פּאָליאַקן, קייכן מיט אָנמעכטיקער גיפט־שנאה: „אַזוי פיל יידן!"...

נו, יאָ! היטלער האָט נישט דערהאַלטן זיין צוזאָג: עס זענען נאָך געבליבן אביסל יידן, כדי צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע...

און דער פאַקט אַליין, וואָס אין דער דעלעגאַציע, וועלכע איז דערשינען פאַר דער קאָמיסיע, זענען געווען ציוניסטן, קאָמוניסטן, בונדיסטן, דאָס האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק און וועט בלייבן פאַרשריבן אַלס אַ ליכטיקער עפּיזאָד אין פינצטערע זייטן פון אונדזער איצטיקער געשיכטע.

:: :: ::

אין צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אויף שרודמייסקע גאַס איז שוין דורך און דורך יידיש לאַנד, היימישע אַטמאָספער.

אויף די טרעפּ צווישן די ביוראָען גייען הין און צוריק יידן מכל המינים, מערסטנטיילס אַזעלכע, וואָס זענען נאָרוואָס געקומען קיין לאָדזש פון קליינע שטעטלעך אָדער פון רוסלאַנד. זיי זענען אָרים געקליידט, אין אַלטע שינעלן און צעריסענע שיך; זיי האָבן טענות צו דעם קאָמיטעט, צו דער גאַנצער וועלט יידן.

ווען זיי באַמערקן מיך — אַ ייד אין דער „אונרא" מיליטערישער קליידונג — ווערט אַ געלאָף אַרום דעם טיש, וווּ איך שמועס מיטן וויצע־פּרעזידענט פון קאָמיטעט, ה' ווערטהיימער. זיי ווילן צוקער, שיך און — „אַפידייוויטס" פון קרובים. זיי זענען פאַרביטערט, וואָס מען גיט זיי נאָך אַלץ אַרויס אַלטע קליידונג. זיי שטעקן מיר אין האַנט אַריין צעטלעך מיט אַדרעסן פון מומעס, פעטערס אין ברוקלין אָדער שיקאַגאָ, אַדרעסן מערסטנטיילס איבערגעדרייטע, וואָס זיי האָבן מיט גרויס מי באַהאַלטן אין זכרון דורך די געטאָ־יאָרן און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ווען איך נעם די שטיקלעך פּאַפּיר מיט די מאָדנע צעדרייטע נעמען פון אַמעריקאַנער שטעט און גאַסן, שרעק איך זיך, צי עס וועט זיך מיר איינגעבן אויסצוגעפינען דעם אַזוי אויסגעבענקטן אַדרעס פון קרוב, וועלכער איז דאָך דער איינציקער דינינקער פאָדים, אויף וועלכן עס האַלטן זיך די האָפענונגען פון צעבראָכענעם יידן, וואָס קוקט מיר בעטנדיק אין די אויגן. ער איז שוין אַזוי מיד פון וואַנדערן, פון ליידן, פון הונגערן, פון מורא

האָבן. ער וויל אַרויס... נעכטן האָט ער דעמאָנסטרירט פאַר ארץ ישראל, הײַנט אָבער וואָלט ער געפאָרן קיין אַמעריקע, קיין קאַנאַדע, ווײַל ער איז אײַנזאַם, ווײַל עס פעלט אים דאָס ביסל וואַרימקייט פון אַ פאַמיליע ערגעץ אױף יענער זײַט ים, זײַן ווײַב און קינדער האָט ער דאָך פאַרלוירן. ער וויל אַרויס!... און איך פאַרשטיי אים און די אַלע, וואָס שטייען הינטער אים, האַלטנדיק צעטעלעך מיט אַדרעסן, וועלכע איך דאַרף דאָס מיטנעמען קיין אַמעריקע.

איך גיב זיי אַ נדר נישט רוען, ביז איך וועל פון די פאַרדרייטע ענגלישע נעמען און ווערטער דאָך עפּעס אויסגעפינען, וועל טעלעפאָנירן, רעדן, זוכן און דאָך דערפירן צו דעם, אַז די אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן צעטעלע, די האַנט, וואָס געהערט צו אַן אויסגעוויטיקטן ברודער, זאָל נישט בלײַבן הענגען אין דער לופטן: איך וועל זײַן קרוב געפינען...

דער וויצע־פּרעזידענט פון לאָדזשער קאָמיטעט, די פאַקטישע איצטיקע קהילה דאָרטן, איז ס. ווערטהיימער. ער איז אַ וואַרשעווער, אַ מיטגליד פון אַמאָל אַ פאַרמעגלעכער און באַקאַנטער פאַמיליע. איך וואָלט זיך דאָן גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז יענער עלעגאַנטער, נאָר פוילישרעדנדיקער גביר'יש בהורל ווערט שפּעטער אויסוואַקסן צו זײַן אַ העלד פון די פאַרטיזאַנען. ווערטהיימער האָט בראַוו און שטורמיש געקעמפט, געווען אַן אָנפירער פון אַ יידישער אָפּטיילונג, פריער אין געטאָ און נאָכדעם אין די לובלינער וועלדער. איך באַגעגן זיי איצט אַלץ מער און מער די דאָזיקע יונגע „געגנעראַלן" אונדזערע, וועלכע האָבן די האַלב־פאַרלאָשענע פונקען פון די חשמונאים ווידעראַמאָל פונאַנדערגעבלאָזן און אין פלאַמען פאַרוואַנדלט. זיי באַלײַכטן איצט אַזוי העל, אַזוי שטאָלץ די אומעטיקע טעג פון פאַרניכטונג און פאַרצווייפלונג...

אין מיטן שמועס מיט ווערטהיימערן קומט אָן דער פּרעזידענט פון קאָמיטעט מיכל מירסקי. ער איז דער רעדאַקטאָר פון דער אײנציקער איצט אין פוילן יידישער צײַטונג „אונדזער לעבן". ער איז אויך דער פאָרזיצער פון פאַראיין פון יידישע זשורנאַליסטן און אַרטיסטן.

ער מאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ מענטש, וועלכער ווייס, וואָס ער וויל, צו וואָס ער שטרעבט, און כאָטש ער איז אַ קאָמוניסט, האָט ער פונדעסטוועגן אָנגעפירט מיט דער דעלעגאַציע צו דער אַמעריקאַניש־ענגלישער קאָ־

ציפיע, בעת דער שוין אויבנדערמאָנטער מאַניפעסטאַציע פון לאָדזשער ייִדן. מיט אים צוזאַמען זענען דאָן געווען דער אַדוואָקאַט ראָגאָזשינסקי, ציוניסטן־פירער; שעפטל, פון די פּועלי־ציון רעכטע און ראָזנבערג, פּועלי־ציון לינקע, ווי אויך פּאָגעל, אַ פירער פון „בונד".

דער דאָזיקער מערקווירדיקער צוזאַמענשטעל פון אַ דעלעגאַציע, וואָס האָט אויסער אָפּשאַפן דעם „ווייסן בוך" און פרייער אימיגראַציע קיין ארץ ישראל געפאָדערט „אַ יידישן אומאָפּהענגיקן נאַציאָנאַלן קיום אין פּאַלעס־טינע", איז ווידעראַמאָל אַ ליכטיקער עדות, ווי יידן קענען זיך דאָך פאַר־אייניקן, ווען דער שאָטן פון מיליאָנען אומגעקומענע ברידער לייגט זיך אַזוי טראַגיש־נאָענט... פאַרוואָס נישט ביי אונדז?

איך קוק דעריבער אויף מירסקין שוין לכתחילה מיט סימפּאַטיע אַלס אויף אַן אָנפירער, וואָס איז בכוח צו אָפּוואַרפן ענגע פּאַרטיי־טאַקטיק אין אָנבליק פון געשיכטלעכע אנטוויקלונגען. ער אָבער, מירסקי, איז זיך שפּע־טער מודה, אַז ער באַציט זיך מיט חשד צו די אָנקומענדיקע אַמעריקאַנער געסט. אים דוכט זיך אַלץ, אַז זיי ווילן נישט זען דעם אמת אין איצטיקן פּוילן, אַז זיי שאַפן אַ פאָרשטעלונג אין דער וועלט, אַז אַלע יידן זיצן אויף זייערע פּעקלעך און האָבן גאָרנישט אין זינען אַרבעטן פאַרן לאַנד.

„פאַרשטייט זיך, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל יידן, וואָס וואָלטן שוין זאָפאָרט געוואָלט עמיגרירן. אָבער איר, אַלס פאָרשטייער פון „היאס", ווייס דאָך מער ווי גוט, אַז פון די אַכציק טויזנט יידן איצט אין פּוילן, קאָנען היינטיקס יאָר אַרויספאָרן זייער ווייניק. און אַז עס וועלן קומען די פּלימים פון רוסלאַנד און די צאָל יידן אין פּוילן וועט וואַקסן ביז דריי הונדערט טויזנט, וועט איר אויך אַלץ שרייען, אַז מען זאָל זיי זאָפאָרט אַרויסנעמען, וויסנדיק גענוי, אַז דאָס איז אַ זאַך פון פיזישער אוממעג־לעכקייט, שוין נישט רעדנדיק פון דער שעדלעכקייט און פּאַניק, וואָס עס שאַפט? פאַרשטייט איר דען נישט, אַז אַ נאָרמאַלער מענטש מוז אַרבעטן, מוז זיך איינאָרדענען מיט אַ שטיקל דירה, מוז שיקן קינדער אין שולע?...

„אין בעסטן פאַל וועלן ביי היינטיקע וויזע־אומשטענדן און טראַנס־פּאָרט מעגלעכקייטן אויף דער וועלט נאָר אייניקע טויזנט יידן קאָנען אין דער נאָענטסטער צוקונפט אַרויס פאָרן... דער אַמעריקאַנער קאָנסול האָט דאָך נאָך אַפילו זיין וויזע־ביוראָ אין פּוילן נישט געעפנט. מיינט איר

אפשר, אַז דאָס איז אַ צופאַל, אַז דאָס איז דעריבער, ווייל — ווי ער זאָגט — ער קאָן קיין פּאָסיקע דירה נישט געפינען?... מיר וואָלטן פאַר אים געפונען אפילו צען דירות, ווען ער זאָל ווירקלעך חשק האָבן און אָנהויבן אויסטיילן זיינע קוואָטע־וויזעס... און ארץ ישראל?... וועלן דאָך די ער־שטע מאַסן־טראַנספּאָרטן דאָרטן געשיקט ווערן פון די געוועזנע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד און עסטרייך און דאָרט אַליין זענען דאָ אַרום הונדערט טויזנט יידן... איז וואָס וועט פאָרט זיין דער תכלית מיט די פאָר הונדערט טויזנט יידן אין פוילן? לאָזן זיי זיצן אויף קהלשע קעסט און וואַרטן אויף די עמיגראַציע־מעגלעכקייטן, אָדער טאָן וואָס מיר טוען איצט: איינאָרדענען טעאַטערן, קולטור־צענטערס... איינפעדימען זיי אין רעגירונגס־אַפּאַראַט, אין דער אַרמיי? וואָס? מיר האָבן דאָס אפשר נישט כשר פאַרדינט מיט דער צאָל קרבנות אונדזערע, קעמפער אונדזערע אין די פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען אָדער אין דער רעגולערער אַרמיי? אי, טאָמער וועט דאָס נישט געפעלן ווערן די שונאים אַרום, די פאַשיסטישע הינט, וואָס בילן? דאַרף דאָס אונדז גאָרנישט אַרן, ווייל בילן וועלן זיי סיי ווי סיי און די איצטיקע פוילישע רעגירונג, אין וועלכער מיר נעמען אַנטייל, האָט געוונג כוחות אויסצוהאַקן די ציין און פאַרמאַכן די פּיסקעס פון אַזעלכע כלבים... און איצט קומט מיט מיר, וועל איך אייך טאַקע אויף ביישפּילן ווייזן, ווי אַזוי מיר אָרדענען איין יידן".

מיר גייען אַראָפּ אויפן גאַס און אין מיין מיליטערישן אויטאָמאָביל הויבן מיר אָן אַ שפּאַציר אַרום לאָדזש און אומגעגנט.

מיר באַזוכן פריער פאַר אַלץ דעם קאָאָפּעראַטיוו „מעטאַלאָוועץ" (מע־טאַל־אַרבעטער). אַ גרויסער לאָדזשער פאַבריק־הויף באַלאָדן מיט רוי־שטאָף, מיט קאַסטנס און מאַשינען־טיילן. דאָס אַלץ דאַרף נאָך צוזאַמענגעקליבן ווערן און געלאָזט ווערן אין גאַנג. אין אַ לאַנגער שאָפּע (שפּייכלער) דרייען זיך רעדער, גליטשן זיך לעדערנע טראַנסמיסיע־פּאַסן, שלייפן זיי, פּיילן און שרויפן. שטייען ביי די מאַשינען, וואָס ווערן געטריבן פון עלעקטרישער קראַפט, יידישע אַרבעטער, אַזעלכע בראַווע, געזונטע, אַנטשלאָסענע. שמועס איך מיט שיע ווינאָגראַדסקי, דעם אָנפירער פון קאָאָפּעראַטיוו, זאָגט ער, אַז ניינצן מיטגלידער זענען דערווייל פאַראַן, אַלע זענען געווען אין געטאָ, שפּעטער אין די לאַגערן, אַדאַנק זייער אויסערגעוויינלעכער פיזישער־

שטאנדהאפטיקייט און אויך צוליב דעם, וואָס זיי זענען קוואַליפיצירטע טעכניקער, איז מען ביים לעבן געבליבן. דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיוו איז דערווייל אַן אָנפאַנג. זיי פאַרריכטן נאָר טיילן פון מאַשינען, וואָס מען ברענגט זיי פון פאַבריקן. זיי האָפן אָבער צו פאַרברייטערן די אַרבעט, אַריינשטעלן נייע קאָמפּליצירטע מאַשינען, פאַרגרעסערן די צאָל מיטגלי־דער... יאָ! זיי זענען צופרידן מיט זייער לאַגע; זיי קאָנען זיך דערלויבן אויף גוטן עסן, אויף באַשיידענער קליידונג... איך פרעג זיי, פאַרשטייט זיך, נישט, צי זיי ווילן עמיגרירן, ווי איך טו דאָס נישט אויך אין אַנ־דערע קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע איך באַזוך שפּעטער. דאָס וואָלט דאָך גע־ווען אַן אומטאַקטישער אַרויסרוף אין אָנוועזנהייט פון מיכל מירסקי...

נאָכדעם פאָרן מיר צום סטאָלאַר־קאָאָפּעראַטיוו „האַמער". מען אַר־בעט דאָ אויס איינפאַכע, באַשיידענע מעבל: שאַפעס, טישן, שטולן — אַלץ פאַרן געברויך פון די נייע היימען, וואָס יידן אָרדענען דאָ איין. די צאָל מיטגלידער איז צוואַנציק. די קליידונג זייערע איז מער ווי באַשיידן. זיי קלאָגן זיך, אַז דאָס זענען די זעלביקע קליידער, וועלכע זיי האָבן נאָך גע־טראָגן אין אָשוויענטשים, מער נישט איבערגעניצעוועט... דאָ דערקען איך שוין אַן אַמאָליקן מיטגליד פון האַנטווערקער פאַראיין אויף פּאָלודניאָווע פיר. איך פרעג אים: „נו, נאָך אַלץ אַ ציוניסט?" ענטפערט ער: „ווי דען? די לעצטע יאָרן האָבן דען עפּעס אַנדערש געלערנט?"

אויפן וועג דערציילט מיר מירסקי, אַז עס זענען נאָך פאַראַן אין לאָדזש דריי שניידער־קאָאָפּעראַטיוון; אַ פאַראייניקונג פון טאַפּיצירער; צוויי קאָאָפּעראַטיוון פון וועש־נייטאָרינס און אַ גרויסער וועבער־קאָאָפּע־ראַטיוו אין דער דערבייאיקער שטאָט זגיעזש. אויסער דעם אַ גוט אָרגאַני־זירטע אונטערנעמונג פון בוי־אַרבעטער.

דערווייל קומען מיר אָן צו אַ פירשטאָקיקער געביידע אויף פראַנציס־קאַנסקע 15. דאָס איז אַ הויז אין הארץ פון אַמאָליקן געטאָ. זי ווערט איצט רעמאָנטירט און אָפּגעפרישט דורך אַ קאָאָפּעראַטיוו פון יידישע אַר־בעטער. מיר גייען דורך די וווינונגען, וועלכע זענען באַשטימט פאַר אַר־בעטער יוגנט, פאַר סטודענטן. מיר זעען בלאַנק־נייע גלאַנצנדיקע ווענט און סופיטן און מעבל נאָר וואָס געבראַכטע. אַ שיינעם זאַל פאַר פאַרוויי־לונגען.

מירסקי ווייזט מיר שטאָלץ אָט די אַלע פאַרבאַרייטונגען פאַר יוגנט־לעכע, וועלכע קערן זיך אום פון רוסלאַנד און זאָגט דערביי: „אָט די גאַנצע קאָאָפּעראַטיווע נעץ, וועלכע איר אַלס לאַנגיאָריקער קאָאָפּעראַטאָר דאַרפט דאָך באַוואונדערן, ווערט דאָ אָנגעפירט פון דער וואונדערבאַרער פרוי, וועלכע גייט אונדז אַנטקעגן"...

צו אונדז גייט צו אַ גענוג יונגע פרוי, אין אַן ארבעטער־מאַנטל גע־קליידט, פון מיטעלן וווקס. זי ווערט רויט און לאָזט אַראָפּ די אויגן, ווען מירסקי באַצייכנט זי אַלס „וואונדערבאַרע"... אָבער מירסקי לאָזט נישט אָפּ: „אָט אַזוי איז זי שטענדיק: באַשיידן, שעמעוודיק: מען וואָלט גע־מיינט אַ קליינשטעטלדיקע כלה. אָבער ווייסט איר, ווער זי איז? דאָס איז דאָך רבקה שינדער, די העלדישע פירערין פון ביאַליסטאָקער אויפשטאַנד, די קאָמאַנדירשע פון די פּאַרטיזאַנען אין די דאָרטיקע וועלדער"...

איך עפן אַזש אויף דאָס מויל פאַר איבערראַשונג: „ווי? רבקה שינ־דער, די לעגענדאַרע לערערין פון שטעטל קרינעק, וועגן וועלכער אַזוי פיל איז געשריבן געוואָרן, איבער וועלכער מען האָט שוין איצט לידער פאַר־פאַסט און געזונגען... דאָ, אין לאָדזש, צוזאַמען מיט מיר? איך אַליין האָב דאָך שוין מער ווי צוויי יאָר צוריק איבער אירע העלדנטאַטן געשריבן... אַ מאָדנער צופאַל!"

רבקה שינדער הויבט אָן פּראָטעסטירן, ווערט אין כעס אויף מירס־קין, וואָס אין מיטן אַ קאָאָפּעראַטיווער רייזע קריכט ער אַרוים מיט אירע „פּערזענלעכע" ענינים...

איך לאָז אָבער נישט אָפּ. איך בעט איר, זי זאָל אַריינגיין אין מיין „דזשיפּ" און צוזאַמען מיט איר און מירסקין וועלן מיר שוין פאָרן קיין העלענוווק אין באַרימטן יתומים־הויז.

איך האָף דערוויל זיך עפּעס דערוויסן מער וועגן אויפשטאַנד אין מיין היימאַט־שטאָט און וועגן די פּאַרטיזאַנער...

XVI

# ביי די מלחמה־יתומים

פֿאַרן מיר, הייסט דאָס, פֿון לאָדזש קיין העלענוווּעק, צו דער באַ־רימטער נאָך פֿאַר דער מלחמה קינדער־היים.

זיצט צוזאַמען מיט מיר אין אויטאָמאָביל דער פּרעזידענט פֿון לאָד־זשער יידישן קאָמיטעט מיכאל מירסקי און מיט אים די שוין איצט לע־גענדאַרע העלדין און אָנפֿירערין פֿון די פּאַרטיזאַנען אין די ביאַליסטאָ־קער וועלדער, די אמאָליקע לערערין רבקה שינדער.

און ווייל זי איז אַזוי באַשיידן און לאָזט אַראָפּ די אויגן יעדעס מאָל, ווען מירסקי רימט מיט אַ וואָרט אירע מעשים, איז שווער איינשטעלן דעם געשפּרעך, ווי איך וואָלט געוואָלט.

רבקה זאָגט:

„נישטאָ דאָ וואָס צו מאַכן רעקלאַמע פֿאַר מיר אַליין; יעדער יונגער־מאַן, יעדעס מיידל אין אונדזערע רייען האָבן געוויזן וווּנדער אין אַטאַ־קע און פּאַרטיידיקונג.

„זיי זענען געקומען צו אונדז אין וואַלד, שפּרינגענדיק פֿון טויטן־צוג, וועלכער האָט זיי געפֿירט קיין טרעבלינקע. זיי זענען געווען פֿול מיט חשק פֿון נקמה נעמען פֿאַר ווייבער, קינדער, טאַטע־מאַמע, וועלכע ווי האָבן געלאָזן הינטער זיך אין די גאַז־קאַמערן דערשטיקטע און פֿאַר־ברענטע.

„זיי זענען געווען פֿיר פֿאַרשידענע פּאַרטייען ביי יידן, אָבער אַלע געאייניקט אין בראָוקייט, געריייניקט אין פֿייער פֿון קאַמף.

„מיר זענען געווען פאַרבונדן מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנען פון גע־נעראַל קאָפּוסטין, צו וועלכע מיר האָבן צוטרוי געהאַט, אַז זיי וועלן אונדז נישט אַרויסגעבן. מיר האָבן אויך שפּעטער אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט די פּוילישע לינקע פּאַרטיזאַנען־גרופּעס. פאַר די רעכטע פּוילישע אונטער־ערדישע סאָלדאַטן האָבן מיר זיך געשראָקן נאָך מער, ווי פאַר די דייטשן. עס איז פּשוט אומגלויבלעך, ווי אַזוי יענע באַנדיטן, וועלכע האָבן דאָך אויך מלחמה געהאַלטן קעגן די נאַציס, האָבן באַהאַנדלט די יידישע קאַמפּס־גרופּעס... דאָס איז אַ טעמע פאַר אַנאַליטיקער פון שאָוויניסטישן משוגעת און יידן־האַס."

„און וואָס האָט איר געטאָן, איידער איר האָט זיך אַרויסבאַקומען אין וואַלד?"

„נו, פּריער, ווייסט איר מסתּם, אַז איך בין געווען אַ לערערין אין דער פאָלקס־שולע פון שטעטל קרינעק. אַ העלדיש שטעטל געווען מיט אַ טראַדיציע פון רעוואָלוציע נאָך אין די צאַרישע צייטן. איצטער זענען שוין דאָרט קיין יידן נישטאָ. עס איז געווען אַ נחת צו זען ווי אַ קרינקער לע־דער־אַרבעטער, וועלכער איז אַנטרונען אין די וועלדער, לייגט אונטער אַ שטיק דינאַמיט צווישן די רעלסן, כּדי אויפרייסן אַ נאַצי־צוג... און נאָך אַ זאַך, דר. שאָשקעס, מיין מיידלשער נאָמען איז דאָך געווען וואָיסקאָוו־סקע... איר געדענקט מסתּם די דאָזיקע פאַמיליע פון שטעטל וויסאָקאַ־ליטאָווסק, נעבן בריסק. זיי זענען דאָך משפּחה מיט אייך... און איך פּלאַנ־טאַקע אַריינקומען צו אייערע שוועסטער, ווען זיי האָבן נאָך געלעבט אויף לינת־הצדק גאַס אין ביאַליסטאָק..."

עס גייט אַזוי ווי אַ ברי: דער זכּרון פון מיינע טייערע דערמאָרדעטע דריי שוועסטער און דער גרוס, דער לעצטער גרוס, וואָס איך נעם אָפּ פון זיי דאָ אין אויטאָמאָביל פון דער לעגענדאַרער אָנפירערין פון די אויפ־שטענדער אין ביאַליסטאָק.

ניין! די צופאַלן פון לעבן זענען גאַרנישט איינפאַך.

און דאַן ווענד איך זיך צו רבקה שינדער מיט אַ פראַגע, וועלכע מאַ־טערט מיך שוין יאָרן לאַנג, נאָך פון יענער צייט, ווען צו מיר זענען דערגאַנגען אונטערערדישע באַריכטן, אַז מיטגלידער פון ביאַליסטאָקער קהילה־ראַט האָבן געפירט כּלומרשט אַ פאַררעטערישע אַרבעט...

איך פרעג: „און זאָגט מיר, צי אפרים באַראַש, אָדער סובאָטניק,

אָדער אַנדערע אָנפירער פון ביאַליסטאָקער געטאָ זענען טאַקע געווען פאַר־רעטער?״

„פאַררעטער? ווער זאָגט דאָס?! מען האָט געקאָנט נישט מסכים זיין מיט די מעטאָדן פון אונטערהאַנדלען מיט די דייטשן, אָנשטאָט שיסן אויף זיי. אָבער זיי האָבן דאָך געוואָלט אויף זייער אופן ראַטעווען די גרויסע יידישע באַפעלקערונג. אַזוי איז דאָך שטענדיק געווען אין דער יידישער כּחנה. איר געדענקט דאָך: אַנדערע מיט תּפילה און אַנדערע מיט מלחמה... און דער פאָרזיצער פון דער קהילה, אפרים באַראַש, האָט אַפילו געשיקט צו אונדז אין וואַלד אַ ספּעציעלן שליח מיט אַ צעטעלע, מיר זאָלן אים אָננעמען אַלס אַ פּשוטן פּאַרטיזאַן: ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין מאַכן באָמבעס. זיין פרוי, אַ דאָקטאָרין, האָט גלייכצייטיק געשיקט מיט דעם זעלבן שליח אַ גוט איינגעאָרדענט אַפּטייקל מיט באַנדאַזשן און רפו־אות... מיר האָבן דאַן צוליב טאַקטישע טעמים נישט געוואָלט צונעמען פון שטאָט דעם פאָרזיצער פון קהילה־ראַט און ווי אייך איז באַקאַנט, איז באַ־ראַש און אַלע איבעריקע אומגעקומען צוזאַמען מיט די לעצטע רעשטלעך פון ביאַליסטאָקער געטאָ...״

עס איז געווען אַ טרייסט צו הערן די דאָזיקע פעסטשטעלונג פון דער באַגלויבטער קוועלע, אַז יענע אומגליקלעכע יידן, וועלכע עס איז אין דער גורל־שעה אָנגעטרויט געוואָרן צו זיין פירער אין געטאָ, זענען קיין בוגדים נישט געווען...

דערווייל דערנענטערן מיר זיך צו דער געביידע פון יתומים־הויז אין העלענוועק. עס לעבן דאָ איצט אַ פּאָר הונדערט קינדערלעך פון גאָר קליי־נינקע ביז אַרום פערצן יאָר אַלט. זיי ווערן באַזאָרגט פון יידישן קאָמי־טעט מיט שפּייז, מיט קליידונג, מיט לערערס.

עס איז אַ גערוימע געביידע מיט ליכטיקע צימערן, מיט שפּיל־זאַלן און אַפילו מיט אַ טעאַטערל.

לאַנגע בלומען־אַראַנזשערייען ציען זיך אונטער גלאָז, און די זון וואַ־רעמט די טוליפּאַנען, די רויטע „גוואָזדיקען״ און ווייסן דעליקאַטן בעז.

אָבער נאָך דעליקאַטער, נאָך זוניקער זענען די יידישע קינדערלעך, געראַטעוועטע פון די טויטן־וואַגאָנעס, געבראַכטע דאָ פון קלויסטערס, אויסגעקויפט פון גויאישע הענט... ווער פון אייך וועט נישט אַ גלעט טאָן דאָס קעפּעלע פון שוואַרץ־אויגיקן, אַכט־יאָריקן ייִנגעלע, וועלכער זאָגט,

אַז ער הייסט מאַרקעוויטש. מער געדענקט ער נישט. אָבער מיר געדענ־קען, אַזאַ אַזאַ קינסטלעריש־מוזיקאַלישע פאַמיליע איז אין פוילן געווען, אפשר איז ער אַ לעצטער „מאָהיקאַן" פון יענע, וועלכע זענען אַוועק מיטן רויך פון דער גרויזאַמער קרעמאַטאָריום אין אָשוויענטשים.

אָדער קוקט נאָר אָן יענעם פינף־יאָריקן „שרעטעלע", וועלכער טו־ליעט זיך צום פּרעזידענט מירסקי: דערשראָקענע גליענדיקע אייגעלעך, בעקעלעך ווי עפּעלעך, אָפּגעפּאַרבטע פון פרישער לופט און גלעטנדיקע זו־נען־שטראַלן.

מירסקי זאָגט מיר: „דער דאָזיקער יינגעלע איז דורך אונדז אַרויס־גענומען געוואָרן פון אַ פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער. מאַנאַכן האָבן אונדז דערציילט, אַז דאָס איז אַ יידיש קינד, וועלכן זיי האָבן געפונען ערגעץ אַוועקגעוואָרפן אויף אַ לאָנקע, נאָכדעם ווי מען האָט דאָרט דורכגעפירט אַ גרופּע יידן צום טויט. זיי האָבן דאָס יינגעלע געהאָדעוועט, אים אַ נאָ־מען געגעבן קאָוואַלסקי. שפּעטער האָבן זיי אים אָפּגעגעבן דאָ אין יידישן יתומים־הויז."

מירסקין רופט דאָס יינגעלע: „פּעטער" און איך זע טאַקע, דאָס קינד, וואָס קוקט אויף אַלעמען ווי אַ וועלפעלע, לאַסטשעט זיך צו זיין נייעם „פּעטער", וועלכער ווייזט צו אים אַרויס אַ באַזונדער ליבשאַפט.

און אַ גרופּע יינגלעך, די דרייסטערע פון זיי, כאַפּן זיך דערהוייל אַרויף אויף מיין אויטאָמאָביל און פּאָדערן, מען זאָל זיך מיט זיי דורכפאָרן. נאָר קאָוואַלסקי, דער וועלפעלע, קוקט קרום דורך זיינע אַראָפּגעלאָזענע ברעמען און האָט מורא זיך פּאַראייניקן מיט די שטיפערס. נעם איך אים אַרויף אויפן האַנט, ווייל ער מיר אַ קראַץ טאָן דאָס פּנים מיט די נעגל: ער האָט נישט קיין צוטרוי צו מענטשן... נעמט אים אָבער „פּעטער" מירסקי און מיר פאָרן צוזאַמען אַרום דעם גרויסן פעלד, אַ כאָפּטע יידישע יתומימלעך, נעבעך, אָן טאַטעס, אָן מאַמעס, איבערגעבליבענע בלימלעך פון פאַרוויסטן יידישן גאָרטן אין פוילן...

זיי שטיפן, זיי לאַכן, זיי האָבן פאַרגעניגן פון דורכפאָרן זיך. און מיר קלעמט אַזוי דאָס האַרץ און עס שטיקן טרערן: ווער זענען זיי די ליבטיקע קינדערלעך? וועלכע מוטער האָט זיי געבוירן? וועלכער פאָטער האָט זיך דאָס געוואונטשן ביים ברית זיי מגדל זיין „לתורה, לחופה ולמעשים טובים"?...



א גרופּע קינדער אין יתומים-הויז אין העלענוּוועק,
צוזאמען מיט רבקה שינדער, רעד. י. מירסקי און ד"ר. שאשקעס.

די דירעקטאָרין פון קינדער־היים איז אַ מערקווירדיקע פּעדאַגאָגין, נאָך באַקאַנט אין פּוילן פון פאַרן קריג אַלס מיטאַרבעטערין פון באַרימטן דר. יאַנוש קאָרטשאַק, דער הייליקער דערציער, וואָס איז אומגעקומען מיט די אָרימע קינדער פון וואַרשעווער יתומים־הויז.

זי הייסט מערי פיינגאָלד און איז געקומען קיין פּוילן צוריק פון רוסלאַנד. דאָרט, אין ווייטן און עקזאָטישן אוזבעקסטאַן, האָט זי פאַרנו־מען דעם אַמט אַלס דערציערין פון פאַרלאָזענע מאָנגאָלישע קינדער. פאַר איר אַרבעט האָט זי באַקומען אַן אויסצייכנונג פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן. איצט היט זי צוריק אונדזער פאַרלאָזענעם אייגענעם וויינ־גאָרטן . . .

איך באַמערק ביי איר אין צימער אַ מיליטערישן פעלד־טעלעפאָן מיט רוסישע אויפשריפטן. איך פרעג, ווי קומט עס דאָ? ענטפערט זי, אַז דאָס איז אַ מתנה פון אַ רוסישן סאָלדאַטן־לאַגער, וועלכער געפינט זיך דאָ אין שכנות. זיי האָבן אויף אַזאַ אופן געהאָלפן פאַרבינדן די העלענוּוועק־היים מיט דער שטאָט לאָדזש. דאָס איז אַ גרויסע טובה, נעמענדיק אין באַטראַכט די היינטיקע באַדינגונגען פון לעבן אין מיטן אַ פעלד, און עס קומען דאָ צום באַזוך רוסישע סאָלדאַטן און אָפיצירן, ברענגען זיסיקייטן, שפּילן זיך מיט די קינדער.

און איך לאָז נישט איבער די קינדער מיט ליידיקן. יעדער פון זיי באַ־קומט אַ נייאינקן דאָלאַר „אויף צוקערקעס" און די אויפזעערין פאַרזי־כערט מיר, אַז עס זענען פאַראַן נאָך פיל „לעכער", וועלכע מען דאַרף פאַרשטאָפּן, כדי צו געבן די קינדערלעך דעם קאָמפאָרט, וועלכן זיי פאַר־דינען.

XVII

# פאַשיסטישער טעראָר

די פראַגע פון טעראָר און זיכערקייט אין פוילן איז נישט נאָר אַ פּראָבלעם פאַר דאָס ביסל יידן, וואָס זענען דאָרט געבליבן, הויפּטזעכלעך איז דאָס אַן אָנגעווייטיקטע ווונד פאַר דער איצטיקער רעגירונג.

אמת, עס איז שמערצלעך צו לייענען פון צייט צו צייט ווי אין דעם אָדער יענעם שטעטל ווערן דערמאָרדעט די לעצטע צוויי־דריי יידן, וועלכע האָבן זיך פשוט מיט נסים געראַטעוועט פון די היטלער־יאָרן.

און אַז מיר נעמען דעם סך־הכל פאַרן גאַנצן יאָר נאָך דער באַפריי־אונג פון פוילן און מיר ציילן אָפּ מער ווי 800 יידישע טויטע, גיט אַ צאַפּל דאָס האַרץ. פאַר אונדז איז דאָך דאָס נישט נאָר סטאַטיסטיק; דאָס זענען טראַגישע איבערבלייבענישן פון אַ גאַנצער עדה יידן אין זעמב־ראָווע, אָדער ראַדאָמסק, אין לאָוויטש אָדער גראַיעווע...

אָבער עס איז גענוג צו נעמען אין האַנט אַ וואַרשעווער צייטונג און לייענען די נעקראָלאָגן, — פון די ידיעות וועגן די געשטאָרבענע, מיט שוואַרצע רעמלעך אַרומגערינגלט — וועט איר עטוואָס לערנען, וואָס עס טוט זיך ביי נישט־יידן.

איר לייענט: „יאַן קאַרפּינסקי, דער וויצע־שעף פון פּאָליציי אין סו־באַק, פאַררעטעריש דערמאָרדעט"...

„באָלעסלאַוו אָסטראָווסקי, ריכטער אין קאַלושין, דערשאָסן פון באַנ־דיטן".

„סטעפאַן זאַרעצקי, לייטענאַנט פון גרעניץ־וואַך, דערשטאָכן דורך מערדער אין לובלין"..

איך אַליין פלעג אָפּציילן יעדן טאָג פון זעקס ביז צען אַזעלכע ידיעות אין שוואַרצע רעמלעך, וואָס זאָגן עדות, אַז אין פוילן קומט נאָך אַלץ פאָר אַ קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן צאַלרייכע באַוואָפנטע רעאַקציאָנערע קרעפטן און די פאָרשטייער פון דער נייער אַדמיניסטראַציע, וועלכע זוכט איינצופירן אַן אָרדענונג אין דעם אַמערסטן רואינירטן לאַנד אין אייראָפּע.

איך האָב גערעדט מיט אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן פון די גרעס־טע נייעס־אַגענטורן, וועלכע האָבן גראָד דאַן באַזוכט פוילן, כדי אויסצו־געפינען, צי די רעגירונג באַהערשט די לאַגע, צי איז פוילן דעמאָקראַטיש, צי הערשט אין לאַנד פרייהייט און דאָס גלייכן.

צו מיין גרויסן באַדויערן האָב איך אָבער פאַרשטאַנען, אַז אפילו די פּעאיקסטע פון די דאָזיקע זשורנאַליסטן גיבן זיך וויניק אָפּ אַ רעכענונג: צו פאָדערן פון איצטיקן פוילן דעמאָקראַטישע פאָרמען לויטן נוסח פון אַמעריקע אָדער ענגלאַנד איז אַלצאַיינס, ווי צו זוכן ריינקייט און באַק־וועמלעכקייט אין אַ געביידע, וואָס האַלט זיך אין בויען און וואָס געפינט זיך נאָך אונטער רושטאָוואַניעס. אין אַזאַ נישט פאַרטיקן בנין קלאַפּן נאָך האַמערס, טראָגן זיך וואָלקנס מיט שטויב, פאַלן אַמאָל אַראָפּ ציגל אין קאָפּ... די פוילישע רעפּובליק איז טאַקע געגליכן צו אַזאַ נישט פאַרטיקן הויז, אין וועלכן עס איז פריצייטיק איינצולאַדן געסט, און אויב אַזעלכע — ווי עס איז דער פאַל מיט די אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענטן — בעטן זיך דווקא איין, מען זאָל זיי אַריינלאָזן, טאָ זאָלן זיי זיך שפּעטער נישט קלאָגן, אַז זייערע הויזן ווערן פאַרקאַלכט, אָדער אַז פון די נישט פאַר־גלאָזטע פענצטער בלאָזט אַ קאַלטער ווינט.

פאַר מיר, וואָס קען פוילן דורך און דורך, וואָס איז פּערזענלעך באַ־קאַנט מיט אירע אַמאָליקע פירער אין לאָנדאָן און מיט אירע איצטיקע אין וואַרשע, זענען קלאָר געוואָרן גאַנץ שנעל אַ סך אומשטענדן, וועלכע זענען פאַרהוילן פאַר אַנדערע באַזוכער.

איך בין, צום ביישפּיל, פולשטענדיק איבערצייגט, אַז ווען מען זאָל לאָזן פוילן גראָד איצט מאַכן ווירקלעך פרייע וואַלן, וואָלטן פון די לעבער אַרויסגעקראָכן נישט וויניקער ווי זיבעציק פּראָצענט פינצטערע ענדעקעס,

היטלער־יונגען אין א פוילישער אויסגאבע, פארסמטע מיט דער לופט פון ווילדן רעוואנש קעגן רוסישן שכן, קעגן די פוילישע ראדיקאלע עלעמענטן, וועלכע פרובירן ווי עס איז איינשטעלן נייע באציאונגען אין דעם דאזיקן אומרואיקן ווינקל פון אייראפע. אזא רעזולטאט פון די וואלן וואלט ארויסגעבראכט פון די וועלדער אין דער ארמיי אריין אפיצירן און סאלדאטן, וואס מארדן איצט די באאמטע און די יידן; וואס שטעלן אפ צוגן, אויטאמאבילן, רויבן, שיסן, שענדן... וואס האבן נאך מיט צוויי יאר צוריק, זייענדיק אליין געיאגט פון די דייטשן אלס מיטגלידער פון דער פוילישער אונטערערדישער ארמיי, פונדעסטוועגן נישט דורכגעלאזן די געלעגנהייט צו מארדן פאררעטעריש יענע אומגלויבלעך־העלדישע יידישע פארטיזאנען, וועלכע זענען דאך געווען אייגנטלעך די טרייעסטע און נאטירלעכסטע פארבינדעטע אין קאמף קעגן די נאצים.

ניין! דער „פאנסקער", יוכישער שטאלץ האט נישט געוואלט דערלאזן, אז אויך יידן זאלן מיט געווער אין האנט פארטיידיקן זייער רעכט אויפן לאנד און אויפן לעבן. עס איז מיר א ווייטיק אין הארצן, ווען איך דערמאן זיך, ווי קעמפער פון דער אונטערערדישער ארמיי האבן געשאסן און פארניכטעט באגעגנטע אפטיילונגען פון יידישע אויפשטענדלער. די פאלן זענען רעגיסטרירט, פארנאטירט פאר דער געשיכטע און שמייסן אין פנים אלע רעאקציאנערע באשיצער מיט דער שוידערלעכקייט פון זייער אמת.

אדער נעמט די איצט באהאלטענע זשורנאליסטן פון אייניקע ארגאנען פון דער אמאליקער, בעת דער דייטשער אקופאציע אונטערערדישער פרעסע: האב איך דאך אין 1943־סטן יאר דער ערשטער ארויסגעבראכט אן ארטיקל פון דער צייטונג „דא בראני" (צום געווער), דער ארגאן פון פוילישע אפיצירן, דאן אליין פארשטעקט אין די וועלדער, דוכט זיך, מען איז געלעגן אונטערן בעט, באהאלטן פון דייטש, וואס האט די זעלבע אפיצירן גארנישט געשאנעוועט, ווען מען האט זיי געכאפט, אבער פונדעסטוועגן האט מען דאן געשריען: „די זשידעס, די דייטשן און די באלשעוויקעס — אלע צוזאמען דארף מען פארניכטן"...

„די יידן אויפן לינקן ברעג פון ווייסל ארגאניזירן זיך אין פארטיזאנען־באנדעס... מיר דארפן זיי אויפזוכן און — ליקווידירן"...

אַט אַזוי האָט דער „פאַן" געשריבן, ווען ער איז אַליין געלעגן פאַר־שטעקט אונטערן בעט, און ווי אין באַקאַנטן אַנעקדאָט האָט ער נאָך אַלץ געפּאָדערט, אַז דער ייד, וואָס באַהאַלט אים אויס, זאָל פונדעסטוועגן אַראָפּנעמען פאַר אים דאָס היטל...

פרייע דעמאָקראַטישע וואַלן איצט אין פוילן וואָלטן פיל פון די דאָ־זיקע דעגענערירטע און שאָוויניסטישע „פּאַנעס" ברענגען צוריק צו דער מאַכט. ווער עס וויל עס, זאָל פּלאַפּלען וועגן די פּרינציפּן פון דער ריינער דעמאָקראַטיע, וואָס ווערן דאָרט פאַרשוועכט. מיך אַליין אַרט דאָס גאָר־נישט; מעג פוילן אין גאַנצן בלייבן אָן וואַלן, אויב אַ חברה כוליגאַנעס דאַרפן זיך דורך וואַלן ווידער אַרויפכאַפּן אויפן פערדל.

ווי באַוווּסט, האָט די פּוילישע רעגירונג מיט אַ צייט צוריק אַרויס־געלאָזן אַ דעקרעט, וועלכער איז מוחל אַלע מיטגלידער פון דער אַמאָלי־קער אונטערערדישער אַרמיי און באַפרייט זיי פון יעדער שטראָף, אויב נאָר ביז אַ באַשטימטן טערמין וועלן זיי אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און זיך איבערגעבן מיטן געווער.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַרום צוואַנציק טויזנט מיטגלידער פון פאַרשידענע אונטערערדישע פאָרמאַציעס האָבן דעם באַפעל געפאָלגט און זיך אַנטפּלעקט פאַר די אָרטיקע רעגירונגס־אָרגאַנען, אָבער וויפיל האָבן זיך נישט אַנטדעקט?

באַרימט זיך פאַר מיר פערזענלעך אַ סטודענט פון וואַרשעווער פּאָ־ליטעכניקום, אַ פאַרביסענער נאַציאָנאַליסט, אַז אַרום אַכציק פּראָצענט פון דער אונטערערדישער אַרמיי, די אַזוי גערופענע נ. ס. ז. (באַוואָפנטע פאָלקס קרעפטן) זענען נאָך אין די וועלדער מיט זייער געווער, מיט זייערע פירערס און קלערן גאָרנישט וועגן איבערגעבן זיך צו דער רעגירונג. אַז דער סטו־דענט האָט נישט געזאָגט קיין ליגן, האָבן מיר אין פאַרשידענע אופנים באַשטעטיקט פאַראַנטוואָרטלעכע פּערשטייער פון דער רעגירונג, וועלכע האָבן, צום ביישפּיל, מיר נישט געראַטן פאָרן קיין ביאַליסטאָק, ווייל אין די וועלדער אַרום קומען פאָר רעגולערע שלאַכטן מיט גוט־באַוואָפנטע און דורך ספּעציאַליסטן אָנגעפירטע אונטערערדישע קרעפטן פון דער נ. ס. ז.

און ווער איז דאָס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע?

דאָס זענען די אַלטע איבערבלייבענישן און אַ נייער פאַרפלוכטער צוווּקס פון יענע כוליגאַנעס, וואָס האָבן נאָך אין די „גוטע צייטן" געשלאָגן יידן אין די אוניווערזיטעטן, פאַר וועלכע די פּוּלקאָווניקעס פון דער פּילסודסקי־רעגירונג זענען געווען צו ראַדיקאַל. דאָס זענען די עלעמענטן, וועלכע האָבן אַפּלאָדירט, ווען די וואַרשעווער געטאָ איז אויסגעגאַנגען אין אויפשטאַנד־פלאַמען, געלאַכט פון אונדזערע העלדישע טויטע, דערציילנדיק, אַז דאָס זענען איבערגעטוענע דייטשע דעזערטירן, און דאָס זענען די, וועלכע טויטן אויך איצט און שיסן אונדזערע איבערגעבליבענע ברידער און שוועסטער און זוכן צו דעזאָרגאַניזירן דעם אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט אין פּוילן, פון וועלכע זיי האָבן אין משך פון די לעצטע צוועלף חדשים אַרויסגעריסן פערצן טויזנט קרבנות.

נו, ביטע, באַפרידיקט זייערע פאָדערונגען וועגן פרייע וואַלן, אַלצאיינס, צי אין פּוילן, צי אין ציגיינערשן רומעניע, צי אין דעם נאָך אַלץ פאַרפעסטעטן אונגאַרן, צי אין סלאָוואַקיע, ווו נאָך איצט געפינט איר אומעטום אויפשריפטן: „דייטשן און יידן זאָלן פאַרטריבן ווערן!" איצט, ווען די גאָטספאָרכטיקע קאַטוילישע סלאָוואַקן האָבן אויסגעמאָרדעט אַכציק פּראָצענט פון אונדזערע ברידער.

עס עקלט דאָך פשוט, ווען איר לייענט אין די גוט מאַנירטע אַנגלאָזאַקסישע צייטונגען וועגן „טעראָר", וואָס הערשט אין אָט די אַלע דערמאָנטע לענדער אין באַצוג צו „מעסיקע" עלעמענטן...

און ווידעראַמאָל: לויט מיין טיפער איבערצייגונג מאַכט די איצטיקע פּוילישע רעגירונג אַ פעלער, וואָס זי ציטערט אַזוי, וואָס וועט מען זאָגן „ביי לייטן", אויב זי וועט פאַרשטאַרקן איר קאַמף מיט די געפערלעכע שלאַנגען, וואָס דרייען זיך דאָ אומעטום אונטער די פיס, קוקן אַריין אין די פענצטער, הענגען אַראָפּ פון סופיט...

אויב מען וועט נישט אויסשניידן באַצייטנס זייערע געפערלעכע ציינער מיטן גיפט צוזאַמען, וועלן זיי איבערנעמען דאָס לאַנד, און דאַן וועט שוין קיין רחמנות נישט זיין.

אַ מיליאָן אַזעלכע שלאַנגען מוזן פאַרניכטעט ווערן זאָפאָרט, אויב פּוילן זאָל איבערהויפּט זיך קענען רואיק בויען. אָט די אַלע, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן יידן פאַר צוקער און צוליב ספּאָרט: אָט די אַלע, וועלכע

האָבן מיטגעאַרבעט מיטן דייטש, איבערגענומען דורך אים הייזער און געשעפטן און פעט געוואָרן אויפן פאָלקס־אומגליק; אַט די יעניקע, וואָס אויף יעדן שריט און טריט קלאָגן זיך נאָך איצט עפנטלעך אויף דער „יידישער" רעגירונג; אויף „צופּיל" יידן אין די שטעט און שטעטלעך; אַט דער פּאַליאַק אין לאָדזש, וואָס איז צוגעגאַנגען צו מיר, צו אַן אומבאַקאַנטן מענטשן אין אַמעריקאַנער אוניפאָרם, און אַ זאָג געטאָן: „דערציילט אין אַמעריקע, אַז די רוסן נעמען ביי אונדז אַלץ צו, פירן אַרויס די סחורות, די מאַשינען"... דאָס איז געווען אין טויער אויף נאַרוטאָוויטשאַ גאַס 54, ווו איך האָב געוואַרט אויף אַ באַקאַנטן. די חוצפּה פון דעם הויך־געוויקסיקן אָפּגעריסענעם גוי, וואָס האָט געוואָגט ווען פון מיר מאַכן אַן אינסטרומענט פון זיין פּראָפּאַגאַנדע, האָט מיך אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב צו אים אויסגעשריען דווקא אין רוסיש: „פּאָשאָל וואָן, סוקין סין!" (אַוועק פון דאַנען, הינטישער זון!). עס איז געווען, זאָג איך אייך, בילעטן צו נעמען, כדי אָנצוקוקן די מאָרדע פון פאַרביסענעם כוליגאַן, ווען ער האָט דערהערט דעם עפעקט פון זיין ווענדונג צו מיר...

אָדער נעמט ווידעראַמאָל אַ פאַל, וואָס האָט געטראָפן מיט מיר טאַקע אין דער זעלבער לאָדזש, ווען כ'בין געגאַנגען אויפזוכן באַקאַנטע. גייענדיק פון הויף צו הויף לויט אַדרעסן, וואָס פריינט האָבן מיר צוגעשיקט פון פאַרשידענע לענדער אין די אַמעריקעס, פלעג איך מוזן אָנקומען צו די סטרוזשעס (הויז־וועכטער), זיי זאָלן מיר ווייזן, ווו דער שכן וווינט, ווייל מערסטנטייל לעבן דאָך נאָך אַלץ די יידן אונטער גויאישע נעמען.

מיין פריינט, דער באַקאַנטער סוחר דאַווידזאָן פון מעקסיקע, האָט מיך געבעטן אויפצוזוכן זיין שוועסטער און שוואָגער, די גורניצקיס פון גראָדנע, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין לאָדזש.

ווען איך בין געקומען לויטן אָנגעוויזענעם אַדרעס און זיך געווענדט צום „סטרוזש", ער זאָל מיר אָנווייזן, אין וועלכער דירה זיי וווינען, האָט יענער, נישט אָריענטירנדיק זיך מסתמא, אַז איך בין אַ ייד, אַ זאָג געטאָן צו מיר מיט אַ שמוציקן געלעכטערל: „אָ, יענע „זשידעס" אין וווינונג צען? היטלער האָט זיי נישט באַוויזן אָפּצוראַמען, וועלן אַנדערע דאָס טאָן"... און איר הערט, מיינע חשובע לעזער, איך שעם זיך אייך גאָרנישט צו דערציילן, אַז דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ, און זייענדיק

שוין פון פריער אויפגערעגט פון ענלעכע תשובות, האָב איך זיך נישט באהערשט און געכאַפּט דעם גוי פאַרן האַלדז, אָנגעהויבן אים שטיקן, אַראָפּגעלאָזן קלעפּ אויף זיין קאָפּ... ער האָט געשריגן: „יעזוס, מאַריאַ!" ער האָט געבעטן דעם „פּאַן", דאָס הייסט מיך, איך זאָל מוחל זיין... עס האָט נישט געהאָלפן: מיט אַ פאַרבלוטיקטער נאָז האָט ער מיך פאַרזענ־לעך געפירט אין דער וווינונג פון די גורניצקיס און זיך געוויזן פאַר זיי מיט זיין צעפּאַטשטן פּרצוף... מען האָט מיר שפּעטער דערקלערט, אַז אָט דער זעלבער נפש האָט אין היטלערס צייטן געמסרט יידן, אַז ער פאַר־ביטערט נאָך איצט דאָס לעבן פון די אייניקע יידישע שכנים אין הויז.

דאָס זענען אַלץ קאַנדידאַטן פאַר אַ „ריייניקונג", אָן וועלכער פּוילן וועט נישט קאָנען איינהאַלטן מיטן איצטיקן רעזשים...

אַ מיליאָן אַזעלכע קאַנדידאַטן, נישט ווייניקער, און אפשר מער!...

ווי שטאַרק זענען די פינצטערע קרעפטן אין איצטיקן פּוילן?

אָט נאָט אייך אַ בילדל, וועלכן איך האָב דורכגעלעבט אין ביאַליס־טאָק: איך זיץ אין וווינונג פון מלך בזשעזינסקי, אַמאָל אַ פאַרמעגלעכער וואַלד־סוחר אין שטעטל קנישין, היינט אין ביאַליסטאָק. עס קומט צולויפן זיין זון, אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, וועלכער איז גראָד אין דער פרי אוועקגעפאָרן מיטן צוג קיין וואַרשע. דער טאַטע איז איבערראַשט, וואָס דער זון איז גאָר צוריק אין ביאַליסטאָק. אָבער עס איז גענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויף דעם צעטומלטן יינגל, מען זאָל זען, אַז עפּעס איז פאַר־געקומען: ער איז אָן אַ היטל, כאָטש אין דרויסן שנייט, די אויגן גליִען, ער אָטעמט שווער. „נו, דערצייל, וואָס איז שוין געשען?" און דער יונגער בזשעזינסקי דערציילט:

„ווען דער צוג איז אָפּגעפאָרן אַ דריי שעה פון ביאַליסטאָק, אין דער ריכטונג צו וואַרשע, איז ער נעבן דער סטאַנציע טשיזשעוו און שעפּע־טאָווקע פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ מחנה פון אַרום אַכציק באַוואָפנטע אויפשטענדלער. זיי זענען געווען אַלע גוט געקליידט, אין פּעלצלעך און מיט „טאָמי־גאַנס". דער עלצטער, אַ געוויקסיקער פּאָליאַק מיט אַ בלאָנד בערדל, האָט געגעבן באַפעלן: „אַראָפּנעמען פון צוג אַלע רוסישע און פּוילישע מיליטערלייט, ווי אויך יידן!"

„מען האָט אַרויסגעפירט אַ פּאָר רוסישע און פּוילישע אָפיצירן, אויס־

געטאָן כמעט נאַקעט, געשלאָגן מיט נאַגאַיקעס און אַוועקגעפירט אינעם נאָענטן וועלדל. אַ פּוילישער לייטענאַנט לאָזט זיך נישט פירן, באַקומט ער גלייך אַ קויל אין קאָפּ און פאַלט אַוועק.

דער צוג איז באַשטאַנען פון פראַכט־וואַגאָנען, איבערגעמאַכטע פאַר פּאַסאַזשירן. אָבער איין וואַגאָן פון דריטן קלאַס איז באַשטימט געוואָרן פאַר פּריווילעגירטע רייזנדע. פון דאָרט טאַקע האָט מען אַרויסגענומען די מיליטערלייט.

אין צוג זענען אויך געווען פינף יידן, צווישן זיי דער יונגער בזשעזינסקי, וועלכע האָבן באַצאָלט גראָבע געלט דעם קאָנדוקטאָר, ער זאָל זיי באַהאַלטן אין דער פאַרשלאָסענער אָפּטיילונג, ווו ער האַלט פאַרשידענע מכשירים פון צוג. דאָס האָבן די יידן פאַרויסגעזען, נאָך איידער דער צוג איז אָפּגעפאָרן, וועלנדיק זיך אַזוי אַרום פאַרזיכערן פון אַ מעגלעכן אָנפאַל... ווען דער צוג איז טאַקע אָפּגעשטעלט געוואָרן און רעווידירט דורך די פּאַשיסטן, און דאָס האָט געדויערט קנאַפּע צוויי שעה, זענען די יידן געזעסן שטיל און געציטערט... אָבער דער קאָנדוקטאָר, טאַקע דער זעלבער, וואָס האָט גענומען גראָבע געלט, כדי זיי צו באַהאַלטן, האָט פונדעסטוועגן נישט אויסגעהאַלטן: ווען די באַנדיטן האָבן שוין געוואָלט פאַרלאָזן דעם צוג, נישט געפינענדיק קיין יידן, איז דער קאָנדוקטאָר געגאַנגען צו זייער עלצטן, און מיינענדיק, אַז קיינער זעט נישט, האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דעם טייל פון וואַגאָן, ווו די יידן זענען געווען פאַרשטעקט.

די אָנפאַלער זענען צוריקגעקומען, אָבער מיט אַ פּאָר מינוט פריער האָט דער יונגער בזשעזינסקי, וואָס זעט נישט אויס ווי קיין ייד, שטילערהייט זיך אַרויסגעגליטשט פון דער באַהעלטעניש און זיך צונויפגעמישט מיט אַלע אַנדערע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אַרויסגעיאָגט געוואָרן פון די וואַגאָנעס. ער האָט דעריבער געזען דעם פאַרראַט פון קאָנדוקטאָר און שפּעטער ווי מען האָט די פיר יידן אויסגעטאָענע אין אונטערוועש געפירט צום וועלדל. די יידן האָבן פאַרצווייפלט געשריגן. דאַן האָט זיך אומדערוואַרט צו זיי געווענדט דער „פירער" מיטן בערדל און אין יידיש אַ זאָג געטאָן: „שווייגט, ממזרים! עס וועט אייך גאָרנישט געשען! מען וועט ביי אייך נאָר צונעמען אייער געלט!"

דער קאָנדוקטאָר, דערזעענדיק, אז מען פירט נאָר פיר יידן פון זיינע פינף פאַסאַזשירן, האָט זיך דערשראָקן, פארשטייענדיק, אז דער איינער, וואָס איז אַנטלאָפן, וועט אים נאָך מסרן.

אָבער בזשעזינסקי האָט זיך דאָך גוט פארשטעקט.

דער צוג איז אוועק צוריק קיין ביאַליסטאָק. אויפן וואָקזאַל איז שוין געווען באוווסט וועגן אָנפאַל. און רוסישע צוזאַמען מיט פוילישע אָפּי־צירן האָבן געפירט אַן אויספאָרשונג. דער יונגער בזשעזינסקי איז דאַן צוגעגאַנגען צום רוסישן אָפיציר און דערציילט די מעשה מיטן קאָנדוק־טאָר, וואָס האָט אויסגעגעבן זיינע יידן. דער בעל דבר אַליין איז זיך געשטאַנען נעבן זיין וואַגאָן, אַזוי ווי נישט אים מיינט מען דאָס. דער רוסישער אָפיציר האָט דאַן צוגערופן דעם קאָנדוקטאָר. יענער איז גע־וואָרן טויט־בלאַס, ווען ער האָט דערזען דעם יונגן בחורל, וועלכער איז פארשוואונדן געוואָרן בעת דעם אָנפאַל...

דער אָפיציר פרעגט: „צי איז אמת, אז דו האָסט ארויסגעגעבן פאַ־סאַזשירן, ביי וועלכע דו האָסט גענומען געלט, זיי צו באַהאַלטן?"

דער קאָנדוקטאָר „מיאַמלט" עפּעס אנשטאָט א תשובה... דער אָפי־ציר נעמט אַרויס זיין רעוואָלווער, שטעלט אים צום קאָפּ פון פאַררעטער:

„ענטפער: יאָ אָדער ניין! האָסט גערופן די פאַשיסטן, זיי זאָלן צו־נעמען דיינע פאַסאַזשירן? יאָ אָדער ניין?"

„יאָ!" — ענטפערט דער קאָנדוקטאָר...

א קנאַל פון א שאָס און אויפן אַספאַלט פון ביאַליסטאָקער וואָקזאַל ציט זיך אויס א קערפּער פון א מיאוסן פאַררעטער, פון איינעם פון א מיליאָן, וואָס דארפן ליגן אין דער אייגענער פּאָזיציע...

:: :: ::

אין דער זעלבער צייט, ווען דער צוג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך די באַנדיטן, פונקט צו דער מינוט, איז אייניקע מייל ווייטער, איבערן שאָסיי, דורכגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל מיט אַן אַמעריקאַנער פאָן.

אין אויטאָמאָביל זענען געזעסן יעקב פּאַט און חיים שאָשקעס.

נאָר שפּעט אין אָוונט האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן דער געפאַר, וואָס האָט אויך אויף אונדז געלויערט אין די אַזוי נישט זיכערע „פוילישע וועלדער"...

XVIII

# פוילישע יידן האָבן טענות צו אַמעריקאַנער יידן

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מען האָט מיך פיל מאָל אָנגעשראָקן, ווען איך בין געווען אין פוילן, אַז דאָ און דאָרטן איז געפערלעך צו גיין אָדער צו פאָרן; נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פוילן איצט איז געוויס נישט קיין פּלאַץ פאַר פּיקניקן און טוריסטן, — האָב איך אין אַלגעמיין קיין געפיל פון מורא נישט געהאַט! צו גרויס איז דער אומגליק, די אבדה פון נאָענטע און פון מיליאָנען יידן — איך זאָל זיך אָפּגעבן מיט ציטערן פאַר מיין אייגענע פעל...

אָבער עס זענען יאָ געווען מאָמענטן, ווען איך האָב ווירקלעך מורא געהאַט. דאָס איז געווען דאַן, ווען מיר, שליחים פון אַמעריקע, האָבן געדאַרפט רעדן פאַר אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון יידן, ווען מיר האָבן געדאַרפט אויג אויף אויג זיך שטעלן פאַר אַ יידישער מאַסע און אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, וואָס מיר אין די גליקלעכע און פרייע לענדער האָבן פאַר זיי געטון: דאַן, ווען די מיליאָנען זענען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה, און איצט, ווען דאָס ביסעלע איבערגעבליבענע ראַנגלען זיך פאַרן קיום.

כל־זמן מען זיצט מיט אַ קאָמיטעט, אָדער מיט אַ גרופּע פריינט, קאָן מען נאָך דרייען מיטן צונג, רעדט מען נאָך פּריוואַט, אינטים, חבריש, אָבער אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג? ווער קאָן קאָנטראָלירן די ביטערניש, וואָס רייסט זיך אַרויס ביי אַ הונגעריקן, ביי אַ פאַריתומטן און באַליידיקטן? און וואָס וועל איך זיי טאָקע זאָגן, מיט וואָס זיך פאַר־ענטפערן?

אַט ווען איך פלעג האָבן אַביסל מורא. דאָס איז געווען אַ געפיל, ווי איר וואָלט זיך געדאַרפט שטעלן פאַר אַ געריכט, פאַר אַ פאָלקס־געריכט.

איך זע פאַר זיך איצטער יענע פאַרזאַמלונגען מיט טויזנטער יידן אין וואַרשע, לאָדזש, ביאַליסטאָק, ווען איך האָב גערעדט צו זיי און זיי הערן, דוכט זיך, אַזוי דורשטיק וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין די ווייטע יידישע וועלטן, אָבער פלוצלינג פאַלט אַ שאַרפע פראַגע, אַ ביי־סיקער צווישנרוף וועגן דער רואיקייט, זאַטקייט פון די אַמעריקאַנער יידן, — וועגן דעם, ווי ווייניק עס איז געטון געוואָרן, כדי די גרויזאַמקייט פון דער קאַטאַסטראָפע צו פאַרמיידן — און איר פילט, אַז זיי זענען גע־רעכט אין זייער כעס, און איר קאָנט נישט פאַרענטפערן זיך מיט גלאַט דרייען מיט דער צונג...

אַט בין איך אין פול־געפאַקטן זאַל פון די לינקע פועלי ציון אויף פראַגע אין וואַרשע. עס איז אַ פרייטיק־צו־נאַכטס־אויפנאַמע, און איך בין דער גאַסט־רעדנער. דער עולם איז יונג, — מערסטנטיילס צוריקגעקומענע פון די וועלדער, פון די טויט־לאַגערן: פיל דעמאָביליזירטע זעלנער געקומען פון רוסלאַנד. עס איז אַזאַ ענגשאַפט, אַז מיר איז שווער דורכצוגיין אפילו אויף די טרעפ. די קליידונג איז אָרים: די פרויען טראָגן איבערגעניצע־וועטע מאַנטלען פון אַלטע שינעלן און אַ ספּעציעלן סאָרט פילצענע היט, וועלכע די „אונרא״ צעטיילט אין פוילן און וועלכע איבערראַשן מיט זייער געשמאַקלאָזיקייט.

אויף די פּנים, קוקט בעסער נישט: אויסגעקרימטע, פאַרלאַטעטע שיך, וועלכע לאָזן דורך וואַסער, און מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס דער עולם איז פאַרקילט און הערט נישט אויף צו הוסטן.

ביים פּרעזידיום־טיש זיצן אַלץ באַקאַנטע וועטעראַנען פון דער באַ־וועגונג און פון די געטאָ־קאַמפן: דער העלדישער אַדאָלף בערמאַן מיט זיין פרוי בתיה, שטאָקפיש, קורניצקי, היגער, און דער אַסיסטענט פון אומפאַרגעסלעכן ד״ר רינגעלבלום, חבר וואַסער.

באַגריסונגען און די גאַסט־רעדע, ווי געוויינלעך. אָבער נאָכדעם פאַלן פראַגן פון עולם — פון די יעניקע, וועלכע זענען פאַררוקט ערגעץ ביים וואַנט אָדער געקוועטשט פון עולם אויף די טרעפ; שרייט אַ יונגער בחור:

— פון די פיל אמעריקאנער גליקן באקומען מיר נאך איצט נישט מער ווי צוויי שטיקלעך ברויט און א שטיקל הערינג א טאג, און וווּ קומען אהין די מיליאנען דאלארן?

רופט זיך אפ א צווייטער פון ערגעץ א ווייטן ווינקל:

— מיר וואלטן זיך שוין באפרידיקט מיטן שטיקל טרוקענעם ברויט, אבי נעמט אונדז פון דאנען, איר הערט, נעמט אונדז צו!...

דערהערט זיך א פרויען־שטימע פון די הינטערשטע רייען:

— כאטש די רעגירונג איז אן אונדזעריקע, דערלויבט זי דאך נישט איינארדענען אפילו איין דעמאנסטראטיווע לויה פון אונדזערע נייע קרבנות, וועלכע פאלן יעדן טאג... פארוואס זאלן מיר נישט נעמען די קערפערס פון די צוויי יידן, וועלכע זענען געפאלן היינט אין בלאניע (א שטעטל נעבן ווארשע) און דורכטראגן זיי פאר די פענצטער פון האטעל „פאלאניא"?... אדרבא, זאלן דארט די דיפלאמאטן טאקע זען, וואס מען טוט מיט אונדז דא.

עס פילט זיך א נישט־צערעדטקייט, א פארביטערטקייט, אן אומגע־דולדיקייט.

און אט הער איך א רעדע פון א פאראנטווארטלעכן חבר:

— פון די ידיעות, וואס מיר פארמאגן דא, האט איר אין אמעריקע גאנץ גוט געוווסט, ווען מען האט אנגעהויבן ארויסנעמען די יידן פון די געטאס און געשיקט זיי אויף טויט קיין טרעבלינקע, מאידאנעק, אש־וויענטשים... איר האט אפילו געוווסט, וויפל יידן און ווו זיי ווערן יעדן טאג ארויסגעפירט. וואס האבן דעמאלט געטון אייערע פירער? האבן זיי דען באפוילן און גערופן, אז כאטש א מיליאן יידן פון ניו־יארק אליין זאלן זיך אויסטאן בארוועס און מיט אש־זעק אויף די קעפ גיין צופוס שטורעמען דעם ווייסן הויז? דאס האט מען דאך אייערע אייגענע קינ־דער, ברידער און שוועסטער געפירט צו א מיתה־משונה — און איר האט געשוויגן, איר האט זיך געשפילט אין דיפלאמאטיע... א, מיר ווייסן גאנץ גוט, ווי אייערע פירער האבן מורא געהאט זיך קריגן מיט ענגלאנד, ווען זי האט נישט געוואלט דורכלאזן כאטש אביסל שפייז פאר די געטאס, כאטש פאר גריכנלאנד האט מען דאן געשיקט עסנווארג. נאר בנוגע צו יידן האט אנגעהאלטן די בלאקאדע און יידישע פירער האבן דאן מיט־

געהאָלפן ענגלאַנד אין דאָזיקן ווילדן אויסהונגערן די געטאָס... קיינער בײַ אײַך, איר הערט, קיינער נישט, האָט זיך אויפגעהויבן צו דער מדרגה פון אַ פאָלקס־פירער אין יענע ביטערע יאָרן, ווען עס האָט זיך געפאָדערט כאַראַקטער און שווונג, כדי אָפּצושרײַען אָדער אויסקויפן פון נאַצי־מער־דערייען כאָטש נאָך אַ הונדערט טויזנט יידן. מיר, פון דאָרטן, האָבן אײַך געוואָרנט, אָנגעוויזן, צו וועמען צו גיין: איר קענט זיך נישט קלאָגן, אַז מיר האָבן אײַך ווייניק אינפאָרמירט: אונדזערע „מעסעדזשעס״, — פאַר־זעגלעכע און דורכן ראַדיאָ — פלעגט איר רעגלמעסיק דערהאַלטן און גאָרנישט געטאָן, לחלוטין גאָרנישט! איר האָט געוואָלט בעסער געפעלן ווערן די פירנדיקע גויים און זיי נישט „דערקוטשען״ מיט צופיל טענות. — אײַערע פירער, ווי אָפּגעקראָכענע „פרימאַדאָנעס״, האָבן ליב געהאַט זיך ווײַזן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אויף די סצענעס פון גרויסע פאַרזאַמ־לונגען, געהאַלטן רעדעס פון פּוסטער דעקלאַמאַציע; זיך פאַרמאַסקעוועט, אויב מיט זיי צוזאַמען האָט גערעדט אויך אַ טיטולירטער גוי... אָבער אַלץ איז געטאָן געוואָרן נאָר פאַר א י י ג ע נ ע ם כבוד, פאַר פּאָפּולאַריטעט, און גאָרנישט פאַר אונדז, פאַר די, וואָס זענען שוין מער נישטאָ... אויך איצט, אפילו איצט, ווען עס איז שוין כמעט נאָך אַלעמען, קאָנט איר זיך נישט פאַראייניקן אַרום אונדז, אַרום לעבעדיקן מת, וואָס שטרעקט אויס די הענט צו אײַך מיט אַ גרויסער בקשה — „נעמט אונדז פונדאַנען, — נעמט אונדז אַרויס, כל־זמן עס איז נישט צו שפּעט״.

נו, וואָס וואָלט א י ר געענטפערט, ווען איר זענט דער אַמעריקאַנער גאַסט רעדנער און פאַר אײַך לייענט מען דאָס דורך דעם דאָזיקן באַשולדיקונגס־אַקט?

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז מיט יעדן נערוו מײַנעם, מיט יעדן ציטער פון מײַן האַרץ בין איך מסכים געווען מיט זיי.

ווער, ווער, אָבער א י ך האָב דאָך יאָ געוווּסט, וואָס פאַראַ צרות איך פלעג אויסשטיין פון די ליליפּוטן, וועלכע האָבן פּאָזירט פאַר יידישע דיפּלאָמאַטן אין יענער חושכדיקער צײַט, ווען איך האָב דורך צענדליקער אַרטיקלען און דורך דער ראַדיאָ דערציילט וועגן די פאַקטן, וואָס קומען פאָר אין פּוילן און גערופן צו מעשים.

און איך בין נישט געווען אַליין! פיל פון מײַנע פרײַנט, אַריבערגע־

קומענע דאָ פון פוילן, האָבן געמוזט ליידן, און אָפּטמאָל אפילו קיין באַשעפטיקונג נישט באַקומען לויט זייער קענטעניש, אויב נאָר זיי האָבן זיך געוואַגט קריטיקירן די מאַכטלאָזע, וועלכע אונדזער ביטערער יידישער מזל האָט געמאַכט פאַר פירער אין יענער גורל־שעה...

און אָט בין איך אויף אַ צווייטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג — דאָס מאָל אין ביאַליסטאָק. אין קאַרג־באַלויכטענעם זאַל זענען זיי זיך אַלע צונויפגעקומען, די פאָר הונדערט איבערגעבליבענע רעשטלעך פון שטאָט אַליין און פון די שטעטלעך אַרום, ווו זיי האָבן מורא איצט צו וווינען.

פון דער וואַנט אַנטקעגן שרייט אַראָפּ אויף העברעאיש די אויפשריפט: „דמי אחיך צועקים אליך מן האדמה": און עס דוכט זיך מיר, אַז איך הער טאַקע דאָס געשריי פון מיינע ברידער, וועלכע זענען דאָ בשכנות באַגראָבן געוואָרן אָן תכריכים און אָן מצבות, — און די ערד האָט נישט צוגעדעקט, וועט קיינמאָל נישט צודעקן זייער בלוט.

— אָ, — די פאַרזאַמלונג אין ביאַליסטאָק. — זי האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, ווי איינע פון די שטאַרקסטע איבערלעבונגען פון מיין רייזע.

יעקב פּאַט און איך געפינען זיך צווישן אַ צעשטורעמטן ים... איר וועט דאָ נישט וואָגן אַרויסטרעטן מיט אייערע פּאַרטייאישע חכמות, פּרינציפּן און מיט שיין־רעדעריי. איר געפינט זיך צווישן פאַריאָמערטע גואלי־הדם און פאַר זיי זענען מיר נישט קיין חשובע געסט. דאָס איז נישט קיין קאָמיטעט־זיצונג, ווו מען דאַנקט אייך האַרציק פאַר דעם ביסל דאָלאַרן, וואָס איר האָט אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש. דאָ, אין הילצערנעם קהל־שטיבל, אין דער צעהיצטער ענגשאַפט, קומט צום וואָרט דאָס פאָלק. מיר שטייען פאַר ריכטער, פאַר אַ משפּט.

עס רעדט ראַוועט — ער איז געבליבן אַליין פון אַ גרויסער בכבודיקער פאַמיליע; איך געדענק אים פון אַמאָל. אַ רייכער מיושבדיקער סוחר געווען, אָבער איצט שפּריצט פייער פון זיין מויל, ווערטער ברענען. ווי פונקען, טוען וויי!

— דאָ, אין די וועלדער נעבן ביאַליסטאָק האָבן אומבאַקאַנטע יידישע יוגנטלעכע געקעמפט אַליין קעגן גאַנצע דייטשע רעגימענטן, וועלכע האָבן אונדז מיט הינט געזוכט און גענישטערט. עס האָט זיי אָבער נישט גע־

האָלפּן; מיר האָבן אויפגעריסן צונגן, אונטערגעצונדן זייערע סקלאַדן; פּיס, הענט און צונגען געשניטן פון די לעבעדיקע נאַצים, כדי כאָטש טיילווייז זיך נוקם זיין פאַר געשטאָרבענע קינדער, פאַר געשענדעטע שוועסטער. מיר האָבן אין איין טאָג מער יידישע געשיכטע געמאַכט, ווי איר אין די יאָרן, ווען איר זענט פאַרנומען געווען מיט „פּאָליטיק". לידער און לעגענדעס וועלן בלייבן פון יענע פלאַמענדיקע יאָרן, ווען אין די „בונקערס" און אין די וועלדער האָבן מיר די נייע יידישע גבורה געשמידט. נו, און איר? איר האָט געקליבן געלט פאַר אונדז, אַ פּעקל וויטאַמינען שיקט איר... גיט אונדז די מעגלעכקייט אַרויספאָרן קיין ארץ־ישראל, וועט איר זען, וואָס פאַרא נייע וווּנדער מיר וועלן דאָרט באַווייזן... זאָלן די גויים בויען פּוילן. מיר האָבן שוין גענוג פאַר זיי געבויט! זיי ווילן, „פּוילן פאַר פּאָליאַקן" — זאָלן זיי זיך מיט דעם ווערגן! מיר פאָדערן פון דער וועלט נאָר אַ קליין שטיקל פּלאַץ, מיט אַ קליינעם אויפשריפט אויף דעם — „ארץ ישראל"...

דער עולם שטורעמט בראַוואָ.

איינער אַ ייִד, אַ הויכער, אַ מגושמדיקער, מיט אַ געל בערדל און אַ פינצטערן בליק, רייסט איבער דעם רעדנער:

— זעט נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס צעזונגען! דו האָסט נאָך גענוג פּלאַץ פאַר זיך דאָ אויפן אָרט. ארץ־ישראל האָט זיך אים פאַרוואָלט...

איר קאָנט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס פאַרא טומל און סקאַנדאַל עס איז געוואָרן נאָך דעם דאָזיקן צווישנרוף; מ'האָט זיך געריסן צום יידן מיטן געלן בערדל מיט די פויסטן; מ'האָט געקלאַפּט אויף דעם טיש, ביי וועלכן מיר זענען געזעסן.

אַ יונגער סאָלדאַט מיט אַ טשופּרינע בלאָנדע צעשויבערטע האָר און אַ לאַנגן צעריסענעם שינעל, באַהאַנגען מיט רוסישע מעדאַלן פאַר העלדישקייט, האָט אָבער הילכיק אַלעמען איבערגעשריגן:

— און איך זאָג אייך: מיר ווילן נישט נאָר אַ מאַנטל, מיר ווילן נישט קיין פאָר הויזן, מיר ווילן נישט צוריק הייזער און געשעפטן — מיר ווילן ארץ־ישראל!...

דער טייערער בלאָנדער סאָלדאַט! ער איז געווען אַזוי רירנדיק. אַליין אָפּגעריסן, מיט זיין איינציקער העמד אונטערן שינעל, מיטן אויסגעצערטן



א גרופּע פּליטים אויף דער
פּויליש-טשעכישער גרענעץ.



דאָס יתומל „קאוואלסקי”, וועלכן מען האָט געפונען
אין א וואלד.

פנים פון די פּאָר שטיקלעך ברויט מיט הערינג א טאָג, — איר פאַר־שטייט, איר באַגרייפט? ע ר וויל נישט קיין הויזן, קיין רעקל, ער וויל א היים...

אָבער יענער מגושמדיקער ייד לאָזט זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע. און שרייט נאָך העכער:

דער וואָס וויל נאָר אַרבעטן, וועט אויך דאָ געפינען זיין ברויט! לאָזט זיך נישט פאַרטומלען מיט בבא־מעשיות...

דער פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג, דער יונגער און ענערגישער פּסח בורשטיין, קען זיך קיין עצה נישט געבן.

עס הערן זיך ווייטערדיקע געשרייען:

— נעמט אונדז אַרויס! קיין זאַך קאָן דאָ לאַנג נישט עקזיסטירן.

און א יונג מיידל — א געוועזענע פאַרטיזאַנקע, — איצטער פון קיבוץ, לאָזט אויך הערן איר קול:

— שפּייען דעם שונא אין פּנים, נקמה פון אים נעמען, נקמה, און אליין אַוועקגיין...

לאַנגזאַם קומט די באַרואיקונג... מיר רעדן צום עולם, דאָס זענען דאָך אונדזערע ברידער, מיר זענען דאָך אַליין ביאַליסטאָקער. נישט לער־נען זיי זענען מיר דאָ געקומען, נאָר נעמען באַפעלן פון זיי. מיר דאַרפן זיך גוט צוהערן, וואָס זיי פאַרלאַנגען, וואָס זיי ווילן, און שפּעטער, ווי טרייע שליחים דאָס איבערגעבן דעם אַמעריקאַנער יידן. קיין שום „פּאַר־טייאישע ביזנעס" טאָרן דאָ נישט אָנגיין...

עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אין ענגן קהל־שטיבל זענען פאַרזאַמלט נישט נאָר דאָס איבערגעבליבענע ביסל לעבעדיקע, נאָר אויך די טויטע זענען אונדז געקומען הערן, מאָנען. זיי קוקן דורך די פענצטער, דורך די לעכלעך פון די טירן... וועלן מיר אויך זיי אָפּנאַרן?

פון יאָמער־טאָל, פון פאַרוויסטן יידישן אייראָפּע טראָגט זיך צו אונדז א פאַראייניקטער כאָר:

— נעמט אונדז אַרויס פון דאַנען! גיט אונדז א היים!... צי הערט איר?

:: :: ::

נאָך אַ לעצטן וויזיט מוז איך מאַכן און דערנאָך — אַדיע! אויף לאַנג, אפשר אויף אייביק.

איך פאָר זיך זעגענען מיט די קברים פון מיין טאַטע־מאַמע, פון זיידעס־באָבעס, פריינט. זיי ליגן אויפן „באַגאַנאָווקער" בית־עולם. דאָרטן, צווישן דעם אוהל פון אַלטן רב ר' חיים הערץ און דעם ברודער־קבר פון די הרוגים בעת דעם פּאָגראָם, וועלכער איז פאָרגעקומען געניי מיט 40 יאָר צוריק.

דער היימישער בית־עולם איז אויך נישט געשוינט געוואָרן. מיט טויזנטער מצבות האָט מען ברוקירט די גאַסן, פאַרריכט די וועגן, אָבער טויזנטער זענען נאָך געבליבן שטיין, און דער בית־עולם זעט נאָך אַלץ בעסער אויס, ווי די שטאָט ביאַליסטאָק אַליין...

אָבער דער גרויסער גראַניט־שטיין, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברו־דער־קבר פון די 130 געפאַלענע איןביידע פּאָגראָמען (1905־1906) איז צעשמעטערט אויף שטיקלעך און מען קאָן נישט לייענען יענע האַרצריי־סנדיקע שורות פון זלמן שניאורן — וועלכע זענען דאָרט אויסגעקריצט געווען און געזאָלט זיין אַן עדות לדורות:

„חזק ועמד עמוד־אבל, היה כחלמיש!
ובהמיר מדינות ועמים ממקומך על תמיש.
כי חלל כבוד עמי ודמו, — קיץ ושחקים זאת ראו:
והשמש לא בושה להאיר, ועיני העולם לא כהו".

אָט זענען נאָר אַ פּאָר שורות פון יענער וווּנדערבאַרער אויפשריפט:

„שטיי פעסט, — דו זייל פון טרויער, פעסט, ווי אַ פעלז! און זאָלסט זיך פון אָרט נישט רירן, אַפילו ווען פעלקער און לענדער זאָלן זיך בייטן. און זאָלסט דערציילן אונדזערע קינדער און די ווייטערדיקע דורות, וואָס עס האָט פּאַסירט: דער כבוד און דאָס בלוט פון מיין פאָלק זענען פאַר־שוועכט געוואָרן, און דער זומער און די הימלען האָבן דאָס געזען; די זון האָט זיך נישט געשעמט צו לייכטן ווייטער און די אויגן פון דער וועלט זענען נישט בלינד געוואָרן".

אָבער וואָס איז די פּעולה: די מערדער האָבן צעשמעטערט דעם אויפ־שריפט... ווי זאָגט ח. נ. ביאַליק:

„דער גאָרטן האָט געבליט, די זון געלויכטן, און — דער שוחט האָט געשאָכטן"...

איך קוק שטום אויף דער צעבראָכענער מצבה אויף מיין טאַטנס ע"ה קבר. וואָס איז שוין די נפקא־מינה? מיליאָנען יידן זענען דאָך אוועק אָן קברים און אָן מצבות... איך בויג זיך איין, הויב אויף אַ שטיקל שטיין, כדי עס מיטנעמען מיט זיך אין וויטן וועג אריין. אַזוי האָבן געטון אונד־זערע אור־עלטערן, ווען זיי האָבן פאַרלאָזן שפּאַניע: זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך שטיקלעך פון די מצבות אַלס אַ זכר פון אַ לאַנד, פון אַן עבר, צו וועלכן זיי וועלן שוין נישט צוריקקומען...

וועל איך נאָך אַמאָל דאָ צוריקקומען? איך גלויב קוים...

XIX

# פאַרשטעלט זיך פאַר אַ דיאַקאָן

אין אַ פּאָר שעה ארום פארלאָז איך פוילן... ווער ווייס אויף ווי לאנג? און אפשר — אויף שטענדיק...

עס זיצן ביי מיר אין צימערל אין האָטעל „פּאָלאָניא" אַ גרופּע פריינט, וועלכע זענען געקומען מיך באגלייטן. נישטאָ מער קיין שטולן, זיצט מען אויף דעם בעט, ווי אין אמאָליקע סטודענטישע צייטן.

דער פאָרשטייער פון דער „יידישער אגענץ" און באקאנטער תל־אביבער אדוואָקאט ד. ישי, וועלכער איז אין ווארשע אויף אַ ספּעציעלער מיסיע, דערציילט ווי אזוי מען קויפט אוים יידישע קינדער פון גויאישע הענט.

— און אז מען וויל נישט פארקויפן? — פרעגט לעאָן אלטער, דער דירעקטאָר פון „האיאס" אין פוילן.

ישי לאכט געהיימנישפול, אָבער אָנשטאָט אים ענטפערט בר לח., אַ הויכער ברייט־פּלייציקער „חלוץ", וועלכן מען קאן טרעפן אָפטער אין די נעכט אויף וועגן, וואָס פירן צו גרענעצן, איידער אין גרויסשטעטישע האָטעלן. ער זאָגט:

„דאָס איז טאקע געווען דער פאל מיטן זעקס־יאָריקן מיכעלע, ווע־מענס זיידע איר קענט אלע אין ארץ־ישראל. די גויים אין אָטוואָצק, ביי וועלבע די שפּעטער געטויטע טאטע־מאמע האָבן אים איבערגעלאָזט, די פאמיליע פון דעם וועכטער אין זייער ווילע, האָבן דאָס יינגעלע נישט

געוואָלט אוועקגעבן מיט גוטן. מיר האָבן פאָרגעלייגט ביז הונדערט טויזנט זלאָטעס, כאָטש, ווי איר ווייסט, קויפט מען אוים א קינד פאר 30 - 40 טויזנט זלאָטעס (הונדערט זלאָטעס זענען אָפיציעל א דאָלאר). אָבער די גויע האָט געזאָגט, אז זי האָט זיך צוגעוווינט צום קינד און וויל אים נישט צוריקגעבן... נו, האָט מען דאָס ייִנגעלע פשוט צוגענומען, מען האָט „גע־קידנעפּט", ווי מען רופט דאָס ביי אייך אין אמעריקע... וואָס דען האָבן מיר געקאָנט טאָן? איבערלאָזן אן איינציק געבליבענעם וואָרצעלע פון אן אַלטן ייִדישן שטאַם ביי פרעמדע? דאָס קינד איז שוין אויפן וועג צו זיין זיידן אין ארץ־ישראל"...

איך לאָז איבער דאָס פּראָבלעם פון „מאָראַלישקייט" וועגן אַזאַ מין האַנדלונג פאַר דער הייסער דיסקוסיע, וועלכע האָט זיך דערווייל אָנט־וויקלט צווישן ד. ישי און לעאָן אַלטער. דורך מיין פענצטער זע איך די רואינען פון וואַרשע: ווייט־ווייט הינטערן זאַקסישן גאָרטן ציט זיך א ווילד פעלד, אויף וועלכן ווו נישט ווו איז שטיין געבליבן א קוימען, אָדער ווײַנט מיט אומעט א צעבראָכענער גאַסן־סלופּ. דאָס זענען די איבערבלײַ־בענישן פון „געטאָ", פון קאָכעדיקן ווינקל, ווו א האַלבער מיליאָן ייִדן האָבן זיך פיבעריש געקלאַמערט אָן לעבן און דאָך — אומגעקומען... פון גרויסן שטורעם־ווינט זענען איינצלנע שפּליטערס פאַרטראָגן געוואָרן און געלאַנדעט אין פרעמדע הײַמען: דאָס זענען די הונדערטער קינדער. ווע־מענס טאַטע־מאַמע זענען אַוועק אין די פייערן פון קידוש־השם.

זאָל מען זיי לאָזן אין פרעמדע הענט? דאָס וואָלט געווען א פאַר־שוועכונג פון דער הייליקייט, א פאַרלעצונג פון קרבן־עולה אויפן בלוטיקן מזבח! און וואָס איז געזעץ, מאָראַל אין אונדזער רוצחישער וועלט?

ניין! געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון דעם חלוץ, דעם „קידנעפּער", וועלכער קלייבט צונויף די „שפּליטערס" פון גרויסן שטורעם...

:: :: ::

מען רופט מיך, איך זאָל פאָרן אויף דעם פלי־פּלאַץ. איך קוק ארויס צום לעצטן מאָל אויף די חורבות פון וואַרשע: עס קלעמט אַזוי דאָס האַרץ, ווען איך דערמאָן זיך די וואַרשע פון אַמאָל: נאַלעווקעס, גענשע, טוואַרדע,

אַט די אַלע גאַסן און געסלעך, דורך וועלכע עס זענען דורכגעגאַנגען דורות מיט טייערע ליכטיקע יידן, אַ שטיק צאַפּלדיק פלייש אַרויסגעריסן געוואָרן פון קערפּער פון אונדזער פאָלק, און עס טריפט מיט בלוט דאָס האַרץ. איך קאַן אַפילו נישט זאָגן: „וינוחו בשלום על משכבם", ווייל זייערע קערפּערס, ווי זייערע נשמות, טראָגן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן אין אומזעבאַרע אַטאָמען אין דער אַטמאָספער, וואָס וויקלט איין אונדזער זינדיקע ערד... קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ שוידערלעכע ענערגיע פון צעשטערונג, פון נקמה עס וועט באַפרייט ווערן, ווען אָט די אַטאָמען וועלן פּלאַצן? אָדער איז עס אַ צופאַל, וואָס דער גרויזאַמער סוד פון פאַרוואַנדלען דעם צעשפּליטערטן אַטאָם אין אַ קריגס־וואָפן איז גראָד אַנטפּלעקט געוואָרן דאַן, ווען זעקס מיליאָן יידן זענען פאַרברענט, צעמאָלן געוואָרן און אויפגעגאַנגען צו די הימלען אַרויף אַלס אומזעבאַרע „אַטאָמען"? וווּנדערט זיך נישט, וואָס אַזעלכע סימבאָלן טומלען אייער קאָפּ, ווען איר וואַרפט דעם לעצטן בליק אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ...

אין האָל פון האָטעל איז מיר גראָד באַשערט געווען צו לאַכן. ווער וואָלט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז איך וועל אין מיין אַזוי געדריקטער שטימונג זיך טרעפן אויף אַ פּאָר מינוט מיטן חבר שלייען, אַמאָל אַ מיטגליד פון „התאחדות" אין פּוילן און איצטער דער דירעקטאָר פון „איפּא" (יידישע פרעסע־אַגענטור). ווי געוויינלעך, פרעג איך אים, ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט. און דער רירעווודיקער, לעבעדיקער חבר שלייען ענטפערט מיט הומאָריסטישן ערנסט:

— איך בין געוואָרן אַ פּראַוואָסלאַוונער גלח, כמו אַ פּאָפּ, רחמנא ליצלן...

— אַ פּאָפּ גאָר?

— יאָ! און הערט מיין קורצע געשיכטע: אין רעיאָוויעץ, נעבן כעלם, האָב איך זיך בעת דער שחיטה אויסבאַהאַלטן ביי אַ רוסישן גלח, אַ פּאָפּ מיט לאַנגע האָר, מיט אַ זילבערנעם צלם און מיט אַ גאָלדן האַרץ. ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט, געהאַלטן אין קעלער אַ פּאָר וואָכן, אָבער שפּעטער האָט ער געזאָגט צו מיר:

„הער זיך איין, גאַספּאָדין שלייען, עס איז קיין תכלית נישט ליגן אין אַ קעלער, און וואַרטן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן... עס קאָן זיך

ציען יאָרן. מען דאַרף זיך נעמען צו עפּעס אַ פּאַך, און איך וואָלט דיר דעריבער פֿאָרגעלייגט, דו זאָלסט ווערן מיין געהילף, אַ דיאַקאָן הייסט עס. אַז דו פֿאַרמאָגסט אַ פֿיינעם באַריטאָן, ווייס איך. לאָז זיך דעריבער אָנ־וואַקסן אַ באָרד און לאַנגע האָר אויפֿן קאָפּ, איך וועל דיך אויסלערנען די דינים ומנהגים און מיר וועלן צוזאַמען פֿירן דאָס „געשעפֿט". איך דער פּאָפּ און דו דער דיאַקאָן, וואָס איז כלומרשט אַנטרונען פֿון די „בלוטיקע באָלשעוויקעס" אין וואָלין ערגעץ"...

בקיצור, מיר איז די אידייע געפֿעלן געוואָרן און אין דער צייט, ווען מיין באָרד און האָר אויפֿן קאָפּ זענען ווילד געוואַקסן, האָב איך פֿלייסיק געלערנט די הלכות און תקנות פֿון אַ רוסישן דיאַקאָן.

איר פֿאַרשטייט דאָך מסתמא, אַז איך האָב די „חכמה" גאַנץ שנעל תופֿס געווען, און ווען אַן אויסגעפּוצטער אין אַ נייער „ריאַסע" (גלחים־קאַפּאָטע) האָב איך אין צערקווע אין „הייליקן פּרייטיק" אויסגעשריען ווי אַ לייב: „האָספּאָדי פּאָמילוי" (אַ רוסישע תפֿילה), האָט דער עולם גאָר פֿרום זיך געצלמט... הינטער מיר איז געשטאַנען דער „באַטיושקאַ" אַליין, דער רעטער מיינער, אין זיין זילבערנעם מאַנטל און געקוואָלן פֿון נחת. איך האָב געשאָקלט אויף אַלע זייטן דעם זילבערנעם לעמפּל מיט ווייַרויך און געשריגן ווי אַ באַנומענער: „ספּאַסי האָספּאָדי לודי טוואָאי", ד. ה. „ראַטעווע, האַר פֿון דער וועלט, דיינע מענטשן" — און אין האַרצן צום גאָט פֿון מיינע טאַטעס: „אוי, וויי, טאַטע זיסער! ראַטעווע טאַקע דיין קנעכט שלייען, וועלכער האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ פּאָפּ און מוז דינען עבודה־זרה, כדי לעבן צו בלייבן. און „האָספּאָדי פּאָמילוי" — האָב רחמנות, גרויסער גאָט, און זיי מוחל"...

און שלייען זעצט פֿאָר:

— ווען איך פֿלעג אַ קוק טאָן אין שפּיגל אויף מיין לאַנגער פֿיינער באָרד און אויף די לאָקן האָר, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויף מיין קאָפּ, פֿלעג איך זיך אַליין דערשרעקן: אַביסל בין איך געווען ענלעך צו מיין זיידן ע"ה, דעם פֿאַכטער אין אַן אוקראַינישן דאָרף און אַביסל צום כעל־מער שטאָט־משוגענעם... וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? מיין רום אַלס זינגער און געניטער דיאַקאָן איז דערגאַנגען צום פּראַוואָסלאַוונעם בישאָף אין לובלין. מען האָט מיך צוגענומען ביים קליינשטעטלדיקן גלח. געגעבן

מיר אַ העכערן „טשין", געמאַכט פאַר „פּראָטאָדיאַקאָן" און געשטעלט דרייען מיטן זילבערנעם ווייַרויך־לעמפּל און ברומען „האָספּאָדי פּאָמילוי" אין סאַמע רוסישן הויפּט־סאָבאָר. נאָך שענער: ווען דער בישאָף האָט מיט מיר זיך אַמאָל דורכגערעדט און דערשמעקט, אַז איך בין אַ בקי אין תנ"ך, האָט ער מיר געהייסן שרייבן זיינע דרשות אויף יעדן זונטיק און יום טוב מיטן געהעריקן פּסוק מעניני־דיומא. ווייַ וואָלט צו מיר געווען, ווען דער בישאָף וואָלט זיך דערוווסט, אַז אויסער תנ"ך בין איך אויך אַ בקי אין ש"ס און פּוסקים...

און אַזוי, מיין ליבער פריינט, בין איך דורכגעקומען דעם נאַצישן גיהנום, ביז די רויטע אַרמיי האָט מיך באַפרייט פון דעם בישאָף, פון מיין ווייַרויך און אויך פון מיינע כעלמער קודלעוואַטע באָרד און פּיאות...

— שלום, חבר שלייען — איך וועל אייך באַשרייבן — שריי איך אויס שוין פון אויטאָ אַרויס.

— שלום, חבר שאַשקעס — איך האָב שוין לאַנג געוואַרט עמיצער זאָל דערציילן די אַמעריקאַנער יידן די געשיכטע פון „פּראָטאָדיאַקאָן ניקאָלאַי", פון שלייען מיין איך...

און פאַרנדיק צום פּלי־פּלאַץ, האָב איך האַרציק געלאַכט און געווען צופרידן, וואָס דער שטענדיק וויציקער שלייען האָט מיר אַביסל פאַרלייכטערט דעם אומעט, וואָס איך האָב אָנגעזאַמלט אויף מיין נשמה, בעת מיין רייזע דורך פּוילן.

XX

# כ׳פּאַרלאָז וואַרשע

שוין אויפן וואַרשעווער פלי־פּלאַץ האָב איך געמוזט ווידער א שמייכל טאָן, דאָס מאָל אָבער שוין צוליב גאַנץ אַנדערע סיבות און עס איז ווערט, מ׳זאָל דאָ דערציילן.

אזוי ווי איך האָב געדאַרפט פליען פון וואַרשע קיין טשעכיע, האָב איך געזוכט פּראָטעקציע, אַז די סאָוועטישע מאַכט זאָל מיך אַריינלאָזן אין איר אַעראָפּלאַן, וואָס פליט פון מאָסקווע קיין פּראָג דורך וואַרשע.

די פּוילישע לופט־ליניעס האָבן מיר קיין סך האָפענונגען נישט גע־געבן, אַז מיר וועט דאָס געלינגען. זיי האָבן אַלץ געזאָגט, אַז דער אַעראָ־פּלאַן איז שוין פול מיט פּאַסאַזשירן פון מאָסקווע און עס איז נישט וואַר־שיינלעך, איך זאָל דאָרט א פּלאַץ באַקומען. פונדעסטוועגן האָט מיך דער דירעקטאָר פון פּוילישן פלי־וועזן, יאַן ווילטשינסקי, א פריינט פון מיינע אַמאָליקע אַעראָפּלאַן־עקסקורסיעס פון וואַרשע קיין ארץ־ישראל, דאָך פּער־זענלעך אַוועקגעפירט צום רוסישן פּאָלקאָווניק פון וואַרשעווער אַעראָדראָם און געבעטן, ווי עס איז מיך „אַריינשטופּן״ אין מאָסקווער אַעראָפּלאַן. דער פּאָלקאָווניק האָט פריינטלעך א זאָג געטאָן: „מען וועט שוין זען״. און אויף דעם סמך טאַקע בין איך דאָס איצט געפאָרן, כדי צו נעמען א „טשענס״.

איך פרעג די רוסישע אָפיצירן, וויפל וועל איך דאַרפן באַצאָלן פאַרן פלי, שמייכלען זיי און זאָגן: „וועט נאָר זיין א פּלאַץ, וועלן מיר ביי אייך

איבערהויפּט קיין געלט נישט נעמען. איר זענט פּאַר אונדז אַן אָנגעלייג־טער גאַסט...

ענדלעך קומט צופליען דער אעראָפּלאַן פון מאָסקווע, אַ גיגאַנטישער באָמבאַרדיר מיט פיר מאָטאָרן.

עס ציטערט מיין האַרץ: וועט זיין אַ פּלאַץ אָדער נישט?

מען נעמט מיין באַגאַזש. מען פירט מיך צו צו די טירן פון באָמ־באַרדיר און דאָ דערוואַרט מיך אַן איבעראַשונג: דער גרויסער אעראָ־פּלאַן, וועלכער קען אַריינגעמען מער ווי פערציק פּאַסאַזשירן, איז געגע־לעך פּוסט, אָבער טאַקע קיין איין פּאַסאַזשיר איז אין אים נישטאָ...

מיין איך, אַז עפּעס קומט דאָ פּאָר אַ טעות, וויל איך זיך צוריקציען, לאַכט אָבער האַרציק דער רוסישער אָפיציר, וואָס באַגלייט מיך:

— גייט, גייט שנעל אַריין. אין צען מינוט פליען מיר אָפּ...

גיי איך אַריין אין דער קליידער־קאַבינע, וועלכע האָט נישט קיין פאָטעלן, ווי די געוויינלעכע פּאַסאַזשיר־אעראָפּלאַנען, נאָר מעטאַלענע בענק ציען זיך ביי די ווענטלעך און אין מיטן הענגט אַ שטריק, ביי וועלכן מען האַלט זיך אָן. דער „פּראָנט" פון אעראָפּלאַן פאַרמאָגט אַ גוט פאַר־שלאָסענע טיר, דורך וועלכער — איך ווייס — עס שפּרינגען אַראָפּ די פּאַראַשוטיסטן.

פינף רוסישע פליער אין לעדערנע מיליטערישע אוניפאָרמען שטייגן אַריין אין זייער פאַרמאַכטער קאַבינע, שליסן די טיר הינטער זיך, און אין אַ מינוט אַרום הויבן מיר זיך אויף איבער די וואָלקנס. דער אעראָ־פּלאַן, די פליערס און איך — זייער איינציקער פּאַסאַזשיר.

אַ שטיקל צייט אַמוזירט מיך די דאָזיקע איינזאַמקייט, אָבער ווען מיר הויבן זיך העכער און העכער, דערפיל איך פּלוצלינג אַ שניידנדיקע קעלט. געוויינלעך ווערן אעראָפּלאַנען באַהייצט, אָבער, ווייזט אויס, אַז עפּעס איז דאָ קאַליע געוואָרן, אָדער אפשר האָט פשוט נישט געלוינט צו ברענען אַזוי פיל נאַפט אויף אַזאַ פּאַסאַזשיר ווי איך בין...

ווי די מעשה זאָל נישט זיין: איך פיל, אַז לאַנג וועל איך נישט אויסהאַלטן, אַז אין צוויי שעה אַרום, וועט מען מיך ברענגען קיין פּראַג אַ געפרוירענעם צום טויט.



ד"ר שאשקעס מיט א גרופע סאָוויעטישע
לופט-פליער אין פראג.



ביים קבר פון מהר"ל אין פראג.

מארק יארבלום, דירעקטאָרפון „דזשאינט" אין פראג, ד"ר בענעש
ד"ר ח. שאשקעס, מאיאָר פון דער יידישער בריגאדע צפרתי
און דער דירעקטאר פון „דזשאינט" אין סלאוואקיי רובין.

שעם איך זיך נישט דעריבער אָנצוקלאַפּן אין דער קאַבינע, ווו די פּילאָטן זענען פאַרשלאָסן. עפענען זיי, לאָזן מיך אריין, דאָרט איז וואַרעם, אַ מחיה... אויפן „נאַוויגאַטאָרס" טישל, ווו די געאָגראַפישע מאַפּעס ליגן, שטייט אויך אַ פלאַש בראָנפן, פון יענעם מאָנאָפּאָלסקע־יש, וועלכן איך געדענק פון דער אַלטער היים...

מיר פליען איבער בענדין, סאָסנאָוויץ, קאַטאָוויץ, און מען שטעלט דערווייל די צווייטע פלאַש בראָנפן, יעדער אָפיציר באַזונדער טרינקט מיט מיר אַ טאָסט פאַר רוסלאַנד, סטאַלינען, פאַר אַמעריקע... איך בין זייער אַ שוואַכער טרינקער און עס ווערט מיר דעריבער גאַנץ שנעל היים... עס איז פריער געווען שלעכט, ווען דער פראָסט האָט מיך געמאַטערט, און איצט מאַטערן זיי מיך מיטן היץ פון „לחיים". דער באָמבאַרדיר ווערט געפירט פון אַזוי גערופענעם „אויטאָמאַטישן פּילאָט", און דער אמתער, דער לעבעדיקער קאַפּיטאַן איוואַן סעריאָזשקין זינגט אַן אָדע לכבוד דעם „געליבטן פאָטער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, דעם הארציקן סטאַלין".

איך געדענק נישט די ווערטער, נאָר זיי לאָזן זיך פריי איבערזעצן דורכן באַרימטן ליד פון איציק פעפער:

„זאָג איך סטאַלין — מיין איך שיין,
מיין איך אייביק גליקלעך זיין —
מיין איך קיינמאָל שוין נישט וויסן,
שוין נישט וויסן פון קיין פיין.
זאָג איך סטאַלין — מיין איך דראַנג,
פולע הערצער מיט געזאַנג,
וואָס מיר עלטער, ווער מיר עלטער,
ווען די יוגנט איז אין גאַנג.
זאָג איך סטאַלין — מיין איך יאָ,
ווו דו רופסט מיך — בין איך דאָ,
ביסט מיין היינט און ביסט מיין נעכטן,
ביסט מיין מאָרגנדיקע שעה!..." (רויט־אַרמייאיש)

איך בין זיי פשוט מקנא מיט זייער התלהבות, צוגעבונדנקייט און בלינדן צוטרוי, וועלכע גרענעצט זיך מיט פאַרגעטערונג. מיין ראַציאָנעל־

מתנגדישע וועלט־אַנשויאונג בונטעוועט זיך קעגן אזא באַציאונג צו אַ מענטשן...

„לחיים פאַר דער ברידערלעכער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק!" מיר זענען שוין, הייסט עס, אַריבערגעפאָרן די גרעניץ. און אַט שנעל דערויף לאָזן מיר זיך אַראָפּ אויפן פּראַגער פלי־פּלאַץ, גאַרנישט אָנגע־רירט פון דער מלחמה, מיט זיינע פּריש־ווייסע געביידעס און באַקוועמ־לעכקייטן. דאָ הויבט זיך אָן אַ נייע חתונה: טשעכישע לופטפּליער צינדן זיך פּלוצים אָן מיט אַ יונגנט־ליבע צו די רוסישע געסט און מען טרינקט ווידער „לחיים", דאָס מאָל אָבער נישט קיין בראָנפן, נאָר פראַנצויזישן קאָניאַק...

:: :: ::

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער טראָג איך זיך מיט מיין אויטאָמאָביל פון פּראַג קיין נירענבערג, פון נירענבערג קיין פראַנקפורט... און אין מיטן דער דאָזיקער שפּאַנענד־אינטערעסאַנטער רייזע דורך שטעט און דערפער, גע־דיכט פאַרפעסטעט מיטן טעווטאָנישן מערדער־פאָלק, לעב איך ווידער אַמאָל דורך אַ מאָמענט פון צופרידנקייט, פון זיסער נקמה. און מיינט נישט, אַז דאָס איז געווען אין זאַל פון נירענבערגער געריכט, ווען איך האָב דערזען די געריננגס, די שטרייכערס און די פראַנקס.

איך וואָלט גיכער געזאָגט, אַז גראָד אין יענעם זאַל, ווען איך האָב דערזען די פאַרפלוכטע „מאָרדעס" פון בינטל דעגענעראַטן, האָב איך אַזש פאַרמאַכט מיינע אויגן אונטער דער כוואַליע פון שנאה, וואָס האָט פאַר־פלייצט מיין גאַנצן וועזן און מיין אָטעם אָפּגעשטעלט.

ניין, די שמחה איז געווען, ווען דורכפאָרנדיק אין שיינענדיקן זונטיק־פרימאָרגן דורך די שטעט און שטעטלעך פון סודעטן־לאַנד, האָב איך דערזען, אַז אַלע דייטשן טראָגן געלע אָרעם־בענדער, כדי מען זאָל זיי דער־קענען און דערנידעריקן. דאָס האָבן געמאַכט די טשעכן, וועלכע קענען גוט די דייטשן און איידער זיי יאָגן זיי אינגאַנצן אַרויס פון די סודעטן, גיבן זיי זיי אויף אַזא גלענצנדיקן אופן צו פאַרזוכן דעם טעם פון גלות: געלע

לאַטעס און דערצו הונגער שפּייז־קאַרטן, אויף וועלכע עס איז געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס: „יידן־קאַרטע".

דער אויטאָמאָביל, אין וועלכן איך פאָר, געהערט צו דער „אונראַ". דער שאָפער הייסט געאָרג פוקס, נעבן אים זיצט די סעקרעטאַרין פון אונראַ־שעף אין טשעכיע אירמאַ שלעזינגער. ביי פוקסן האָט מען אוועקגע־הרגעט דאָס ווייב מיט די קינדער; ביי אירמאַ שלעזינגער — אירע עלטערן.

און ווען מיר זענען אַריינגעפאָרן אין ערשטן סודעטן־שטעטל און דער־זען די „געלע לאַטעס" אויף די ערשטע פאַרשטייער פון הערן־פאָלק, האָט אין אויטאָמאָביל אָפּגעהילכט אַ ניגון, דער איינציקער, וואָס איז מעגלעך געווען אין די דאָזיקע אומשטענדן: מיר האָבן געזונגען מיט התלהבות די „התקוה".

# אינהאַלט

זייט

## פּרעסע-שטימען וועגן

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

ד״ר ל. זשיטניצקי שרייבט וועגן דער ביכער־סעריע „דאָס פּוי־לישע יידנטום" („איקוף"־זשורנאַל, בוענאָס־איירעס, סעפּטעמבער 1946):

מ׳דאַרף באַגריסן די אידייע און טאַט פונעם צענטראַל פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע צו שאַ־פן אַ קולטור־מאָנומענט פאַרן אומגע־קומענעם פּוילישן יידנטום. די אידייע און טאַט זענען באַמערקונגסווערט מיט דעם, וואָס נישט בלויז שרייבער און וויסנשאַפטסלייט וועלן פּרעזענ־טירן אין וואָרט און דענקען דאָס פּוי־לישע יידנטום, נאָר אויך פּשוטע פאָלקסמענטשן, — די ריכטיקע עדות און איבערלעבער פון דעם, וואָס עס איז געהאַט געווען און עס איז געהאַט געשאַפן געוואָרן אינעם אַמאָליקן יידישן פּוילן. פאָרלויפיק ציילט מען שוין זעקס אַזעלכע ווערק און עס קומט נאָך אַ רשימה פון אַ סך אַנ־דערע ווערק, וואָס וועלן ווערן און בלייבן דער געשיכטלעכער דאָקומענט פון דעם, וואָס דאָס פּוילישע יידנטום האָט ביי געטראָגן פאַרן יידישן נאַ־ציאָנאַלן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן.

ציילט מען די ערשטע זעקס בענ־דער פון דער סעריע: 1) מאַרק טור־קאָוו: „מלכה אָווישאַני דערציילט..."; 2) ה. ד. נאָמבערג: „י. ל. פּרץ"; 3) גראָסמאַן - י. ווערניק: „טרעבלינקע"; 4) פּרץ גראַנאַטשטיין: „מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו"; 5) ישראל טאַ־




באַקסבלאַט: „חורבן לאָדזש" און 6) זרובבל: „באַרג חורבן", — קאַפּיט־לען פּוילן", — פאַרשידנאַרטיק זענען די ווערק אין זייערע אויפפאַסונגען, אָבער צוזאַמענגענומען, פאַרבונדן אין דער טעמע און אינהאַלט, שאַפן זיי אַ טייל פון דעם גאַנצן, וואָס וועט ממלא זיין די גאַנצע סעריע.

און ס׳איז געווען נויטיק, אַז אַזאַ סעריע זאָל קומען, ערשטנס, אַז ס׳זאָל טאַקע בלייבן דער זכר פון דער גרויי־




סער פאַרגאַנגענהייט פונעם פּוילישן יידנטום, וואָס איז געווען פאַרן יידישן פאָלק עפּעס מער פון אַפילו אַ „עיר ואם בישראל“ און צווייטנס, אַז דער זכר זאָל דינען פאַר די קומענדיקע דורות צו לערנען דעם יש און וועזן פונעם יידישן זיין, ווי אויך די העראָאיק פון אַ פאָלק, וואָס מאַכט דורך אין לעבן און אין דער וועלט, צווישן פעלקער און מענטשהייט, אַ מאַרטירער־וועג נאָר דערפאַר, ווייל ס'איז נישט לעבן אויף דער שווערד און נאָר אויפן גייסט.

מיטן אומקום פונעם פּוילישן יידנטום איז חרוב געוואָרן אַ גאַנצע וועלט, נישט נאָר אַ יידישע, נאָר אויך אַן אַלגעמיינע, טאַקע ווייל דאָס פּוילישע יידנטום איז געווען איינגעגלידערט אינעם אַלגעמיינעם זיין און האָט געשאַפן גרויסע ווערטן, נישט נאָר פאַר דער יידישער נאַציע, נאָר אויך פאַר דער מענטשהייט. מען קען אויסרעכענען אַ גאַנץ צעטל פון אומגעקומענע פּויליש־יידישע וויסנשאַפטסלייט, וואָס האָבן געדינט דעם אוניווערסאַלן דענקען און אידייע, אָבער אויך די, וואָס האָבן נאָר משפּיע געווען אויפן יידישן לעבן, זענען געווען אַ יש פאַר דער אַלגעמיינער וועלט. אַפילו ווען טורקאָוו גיט אָבער, וואָס עס דערציילט מלכה אָוושיאַני וועגן אירע איבערלעבונגען אינעם דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער, בלייבט עס אַ דאָקומענט, נישט נאָר פון יידישער מאַרטירערישקייט, נאָר אויך אַ דאָקומענט פאַר דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע, טאַקע ווייל עס דעקט אויף די טאָטן פון די שוואַרץ־בעסטיאַלישע נבזהם, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן דורך אויסראָטונג פון מענטש פאַראומווירדיקן די דערגרייכונגען פונעם מענטשלעכן גייסט און אומברענגען אַלע קולטור־ווערטן. און נאָך מער וויערניק־גראָסמאַנס „טרעבלינקע“,— ס'איז דער שוידער פונעם מאָדערנעם באַרבאַריזם, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן מער אויף יידישע קעפּ, אָבער ווי אַ וועג צו פאַרניכטן און אומברענגען דאָס איידעלסטע און בעסטע, וואָס די מענטשהייט האָט אויפגעבראַכט אין משך פון דורות און צייטן.

קיינער וועט אַזוי נישט באַוויזן צו דערציילן וועגן דעם נאַציסטישן שוידער, ווי עס קענען עס טון די דירעקט־געליטענע יידן. עס זענען נישט קיין פאַנטאַזיעס, נאָר די ווירקלעכקייט אַליין; און אויב ישראל טאַבאַקסבלאַט דערציילט וועגן דעם חורבן לאָדזש, אייגנטלעך, ווי עס האָט אויסגעזען די יידישע מאַרטירערישקייט אין לאָדזש אין די אומשטענדן פון דער דייטשער אָקופּאַציע און יידישע געטאָס, שפּרייט עס זיך אויס, נישט בלויז אויף די יידישע ליידן, נאָר עס אַנטדעקט אויך, ווי דער שונא האָט אומגעבראַכט פּראָ־

דוקטיווע מענטשן און צו וואָס פאַר אַ מדרגה עס האָט דערגרייכט דאָס בעסטיאַלישע פון אַ פאָלק, וואָס האָט פּרעטענדירט צו שטיין און גיין אין דער שפּיץ פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע און קולטור, צילנדיק צו באַהערשן און זיך באַמעכטיקן איבער דער גאָרער וועלט. דאָס יידישע לעבן קען מען נאָר רעלאַטיוו אָפּטיילן פונעם לעבן פון די אַנדערע פעלקער, אין תוך איז דאָס יידישע אַ טייל פונעם אַלגעמיין - מענטשלעכן לעבן, געקניפּט און געבונדן מיטן לעבן און אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, און דעריבער שטייגן די אַלע פאַרצייכנטע דאָקומענטן צו אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן באַטייט און ווירקונג. אָט דערציילט פּרץ גראַנאַטשטיין נאָר וועגן זיין חרוב־געוואָרענעם שטעטעלע סאָקאָלאָוו, ער באַרירט נאָר דאָס יידישע לעבן דאָרט, וואָס עס איז געווען און וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, אָבער גענומען פון אַ ברייטערן שטאַנדפּונקט, פאַרבונדן מיטן פּוילישן לעבן און מלוכהשקייט, דעקט עס אויף אויך די טראַגיק פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אויף איר שטייגער געליטן פון דער נאַציסטישער פּלאָג; און פּונקט ווי סאָקאָלאָוו איז געווען אַ יידישער חורבן, איז עס אויך אין דער זעלבער צייט דער חורבן און טראַגיק פון פּוילן אין אַלגעמיין.

ווי געזאָגט, זענען די זעקס דערשינענע ווערק נאָר דער אָנהויב פון דער סעריע. עס וועלן אָנגעגעבן נאָך און נאָך ווערק וועגן דער טעמע, וואָס האָט אַ גרויסן און ווירקנדיקן היסטאָרישן באַטייט, — און אויב אין די ערשטע ווערק איז מער דאָס דערציילערישע און דאָס שילדערישע, איז שוין זרובבלס „באַרג חורבן" אַ טעזיס־ווערק, וואָס פאָדערט אַ באַזונדערע ארייננטיפונג אינעם באַרירטן שטאָף און קען אויך ווערן אַן ענין פון אַ דיסקוסיע, ווייל אינעם ווערק ווערט אַוועקגעשטעלט אַ קאַרדינאַלע פראַגע: ערשטנס, צי מיט דער „שארית הפליטה" פונעם פּוילישן יידנטום וועט מען קענען ווידער אויפשטעלן אַזאַ בנין, אַז מען זאָל זיך אומקערן צום אַמאָליקן פּויליש־יידישן „סטאַטוס קוואָ" און צווייטנס, צי איז פאַראַן פאַר דער יידישער „שארית הפליטה" איבערהויפּט אַ צוקונפט אין אייראָפּע. זרובבל באַטראַכט דאָס פּראָבלעם אויס אַ נאַציאָנאַל - יידישן שטאַנדפּונקט, דערצו געזען אויסן נאַציאָנאַליסטיש־שנאהדיקן פונעם ארום, טאַקע דערפאַר שטייגט עס צו אַ סאָציאַל־פּאָליטישן פּראָבלעם. רעזוערווירט מען זיך דאָס רעכט דעם ענין נעמען אונטער אַ באַזונדערער באַטראַכטונג, אָבער נישט אויסער, נאָר פאַרבונדן מיט דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", — אַ ריכטיקער קולטור - היסטאָרישער מאָנומענט, פאַר וואָס עס קומט אַ יישר כוח דעם צענטראַל פאַרבאַנד און דעם רעדאַקטאָר פון דער סעריע מאַרק טורקאָוו.



**יעקב באָטאָשאַנסקי** שרייבט וועגן זרובבלס בוך „באַרג חורבן"
(„די פּרעסע", בוענאָס־איירעס, דעם 2־טן אָקטאָבער 1946):

ה. ד. נאָמבערג האָט אַמאָל געזאָגט וועגן זיך, אַז ווי אַזוי ער זאָל נישט פּרוּוון האַלטן אַ רעדע, קומט דערפון אַרויס אַן עסיי און וועגן איינעם אַ רעדנער האָט ער געזאָגט, אַז ווי אַזוי ער זאָל זיך נישט אָנשטרענגען צו אָנשרייבן אַן עסיי, קומט דערפון אַרויס אַ רעדע.

זרובבל איז דער רעדנער פּאַר עקסעלאַנס און כאָטש ער איז אַ באַדייטנדער פּובליציסט און מעמוארן־שרייבער, דערפילט מען אין זיין שרייבן שטענדיק דעם רעדנער.

איך זאָג אָט דאָס און איך ווייס אייגנטלעך נישט, צי עס איז אַ מעלה, אָדער חסרון. עס איז קודם כל אַ פאַקט. דאָס אינטימע ריידן איז אויסער יעדן ספק אַ גרויסע מעלה. סיי היינע דער דיכטער און סיי שלום עליכם דער פּראָזע־שרייבער ריידן אין זייערע ווערק. ווען היינע גיט אַ שרייב: „איך ווייס נישט, וואָס זאָל עס באַטייטן, וואָס איך בין אַזוי טרויעריק", איז דאָס מער גערעדט ווי געשריבן. עס איז אינטים גערעדט. און ביי שלום עליכמען ווערן די העלדן האַרציק און מלא חן, ווען זיי הייבן אָן ריידן אינטים. זרובבל איז אַן עפנטלעכער רעדנער און אין זיין שרייבן איז נישטאָ פאַראַן קיין אינטים ריידן. אפילו דער טיטל פון זיין בוך וועגן דעם פוילן פון נאָך דעם חורבן איז אַ רעדנערישער. ווען מען לייענט איבער די צוויי ווערטער „באַרג חורבן" אינטים, פאַרשטייט מען כמעט נישט זייער באַטייט, אָבער ווען מען זאָגט זיי הויך אויף אַ קול אין דעם זעלביקן טאָן ווי מען זאָגט „באַרג סיני", דעמאָלט ערשט פאַרשטייט מען, וואָס דער מחבר מיינט.




זרובבל מיינט צו זאָגן, אַז דער חורבן דאַרף פאַר אונדז ווערן אַזאַ באַרג ווי דער סיני און פונקט ווי דער באַרג סיני האָט אונדז געגעבן אַ תורה, פונקט אַזוי דאַרף אונדז דער „באַרג הורבן" געבן אַ תורה.

„דער נייער יידישער באַרג, שרייבט זרובבל, דער באַרג חורבן, שרייט אַרויס אין פייער און אין בלוט אַ נייע תורה, וואָס איר געבאָטן זענען: באַצאָלונג, אַנטשעדיקונג, פאַרגיטיקונג".

זרובבל רעדט קלאָרע דיבורים. דער גלות איז געוואָרן אַ חרובער באַרג און דער דאָזיקער חורבן דאַרף פאַר אונדז ווערן אַ באַרג חורבן, וואָס דאַרף אונדז לערנען די תורה צו בויען אַן אייגן לאַנד אין ארץ ישראל.

מען קען אָנשרייבן אַ בוך, וואָס זאָל זיך שטעלן אַ געוויסע טעזע און זי פאַרטיידיקן, אָבער קיין מוז איז דאָס נישט. צום מערסטן שרייבט מען די ביכער אַזוי, אַז מען לאָזט איבער

די פאַקטן אַליין אַרויסצובריענגען די טעזע. אַ רעדע אָבער מוז האָבן אַ טעזע צו פאַרטיידיקן. אַ רעדע מוז כסדר נישט אויפהערן עפּעס דערווייזן. און זרובבלס בוך איז אַ קרעפּטיקע, פּיין באַאַרבעטע און געשליפענע רע־דע, וואָס דערווייזט כסדר עפּעס. עס איז מער ווי כאַראַקטעריסטיש, וואָס זרובבלס בוך הייבט זיך אָן מיט אַ רעדע און ענדיקט זיך מיט אַ רעדע. ביים אָנהויב פון בוך איז געדרוקט „אנשטאָט אַ הקדמה" אַ רעדע, וואָס זרובבל האָט געהאַלטן צו די פּוילישע יידן דורך דעם וואַרשעווער ראַדיאָ, באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין פּוילן און צום שלוס פון בוך איז געדרוקט „אנשטאָט אַ נאָכוואָרט" אַ רעדע, וואָס דער מחבר האָט געהאַלטן דורך דעם ראַדיאָ פון ירושלים נאָך זיין צוריקקומען פון פּוילן קיין ארץ יש־ראל.

פאַראַן אַן אַקסיאָמע, אַז קונסט ווערט שטאַרק אינטערעסאַנט דע־מאָלט, ווען איין זשאַנער פאַרבייט זיך אויף אַ צווייטן. מוזיק באַקומט אַ באַזונדערן חן און באַזונדער רייץ, ווען זי הייבט אָן ווירקן ווי קאָלירן און מאָלעריי באַקומט דעם זעלביקן חן און רייץ, ווע זי הייבט אָן ווירקן ווי קלאַנגען, און מ'קען נישט לייקענען, אַז דער פאַקט, וואָס ווען מיר לייע־נען זרובבלס בוך, דאַכט זיך אונדז, אַז מיר הערן אים ריידן, ווירקט מיט חן און רייץ!

דערמיט ווילן מיר נישט זאָגן, אַז זרובבלס „באַרג חורבן", וואָס דער צענטראַל פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע האָט ערשט נישט לאַנג אַרויסגעגעבן, איז נישט קיין וויכטיק בוך! אדרבא! עס געהער דווקא צו די וויכטיקסטע ביכער פון דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", וואָס דערשיינט אונטער דער רעדאַקציע פון




מאַרק טורקאָוו און אונטער דער אַד־מיניסטראַטיווער לייטונג פון אברהם מיטלבערג. עס איז אַ באַריכט פון אַן איינגענעם יידישן מנהיג, וועלכער לעבט היינט אין ארץ ישראל, האָט פריער געלעבט אין פּוילן און ער האָט געמאַכט אַ רייזע איבער אייראָפּע בכלל און איבער פּוילן בפרט און ער האָט געזען און געהערט, וואָס מיר אַלע ווילן וויסן און ער האָט דורכ־געפילט און דאָס דערציילט קלאָר און מיט הארץ און מיט נשמה. עס מאַכט טאַקע דעם איינדרוק, אַז מיר הערן אַ ריי לעקציעס אנשטאָט צו לייענען אַ ריי קאַפּיטלען, אָבער די רעדעס ווירקן און עפענען אונדז די חושים און זע־טיקן זיי אָן מיט עמאָציעס.

אויסער די צוויי דערמאָנטע רע־דעס, וואָס גייען אַלס הקדמה און נאָכוואָרט און אויסער דאָס וואָרט „צום לייענער" פון דער רעדאַקציע, זענען אין בוך פאַראַן פאָלגנדיקע 23 קאַפּיטלען: „אַ נאַכט אין בערלין", „אויפן טעמפּעלהאָפער פלי־פּלאַץ", „שווער צו זיין אַ פּאָליאַק", „באַרג חורבן", „אין האַרץ פון געטאָ",

„סטאַטיסטיק און דינאַמיק", „באַנקראָט", „צווישן יידישע קינדער", „שאַטנס פון עבר", „בענקשאַפט נאָך היימישקייט", „נאָמען און נומער", „אונטערוועגנס", „זכר לאַשוויענטשים", „אויפן קאָמוניסטישן צוזאַמענפאָר", „עס וועבט זיך אַ נייע לעגענדע", „אויך פּאָליאַקן פאַרשמייען", „אין אַ שניי זאַווערוכע קיין לובלין", „מאַידאַנעק רופט!", „אויג אויף אויג", „אויסטראַלישע מתנות",

פּראָפ. ד״ר מאיר באַלאַבאַן




„די העלדן פון געטאָ", „צוריקקער און אויפבוי", „ארץ ישראל און די שאַרית הפליטה".

שוין די נעמען און די קאַפּיטלען סוגערירן געפילן, געדאַנקען און עמאָציעס. איניקע נעמען זענען רעמיניסצענצן פון די רעדעס, וואָס מיר האָבן דעם באַרימטן טריבון געהערט ביי אונדז. ווען מיר לייענען איבער נאָך דעם טיטל „בענקשאַפט נאָך היימישקייט", דערמאָנען מיר זיך, אַז זרובבל האָט אונדז אומגעהויער רירנדיק דערציילט וועגן דעם ווי אַזוי אַלע, יידן אין אייראָפּע, אַפילו די דאָזיקע, וואָס זיינען שוין נישט אין די לאַגערס, בענקען נאָך אַביסל אינטימיטעט, וואָס איז נישט פאַראַן! און ווען מיר הייבן אָן לייענען אָט דאָס קאַפּיטל, דערמאָנען מיר זיך, אַז דער באַליבטער פּועלי ציון טריבון האָט אונדז גערירט ביז טרערן, ווען ער האָט אונדז פערזענלעך דערציילט אַלצאַיינס ווי אין בוך, אַז אַ פּוילישער פּראָפעסאָר האָט אים געזאָגט, אַז דאָס וואַרטן אויף דער גאַז-קאַמער איז געווען אַ סך ערגער, ווי די גאַז-קאַמער גופא. און ווען מיר לייענען אין קאַפּיטל „אונטערוועגנס" די קרעפּטיקע ווערטער וועגן דעם נייעם געזאַנג פון דער יידישער יוגנט, דערפילן מיר שוין גאָר שטאַרק דאָס דאָזיקע, וואָס זרובבל האָט אונדז נישט אויפגעהערט צו זאָגן אין די עפנטלעכע אַרויסטריטן און אין די פּריוואַטע שמועסן. ער רעדט וועגן דעם, וואָס, אַז עס בויערט די פראַגע, צי וועט עס נישט זיין קיין הימלשרייענדיקער חטא, אויב נאָך דעם פּאַרטיליקטן פּוילישן יידנטום וועט נישט זיין קיין יורש און ער זאָגט:

„די פראַגע, באַגלייט דורך אַ קללה, איז געבליבן הענגען אויף די ליפּן, ווען ס'איז דערגאַנגען צו די אויערן און דערגרייכט ביז צו די טיפסטע קעמערלעך פון דיין וועזן דער ניגון פון דער יידישער יוגנט, וועלכע איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, דער ניגון וועגן אַ נייעם, פּראָדוקטיוון שאַפנדיקן לעבן. אויסדריקלעך אַ לעבן, וואָס ג ע ד ע נ ק ט און פ אַ ר אַ י ב י ק ט דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע, נישט אויף אַ יחידישן אופן, נאָר נאַציאָנאַל, דורך איבעראַנדערשן דעם סאַמע פונדאַמענט פון יידישן פאָלקס-קיום. דער ניגון פון אַרבעטנדיקן ארץ ישראל שטייגט אויף צוזאַמען מיטן אָפּהילך פון דער קנאַלעריי פון די בונקערס פון בענדין"...

אומעטום פאַרבינדט זיך ביי זרובבלען דער זכר פון די אומגעקו-

מענע מיט דעם אויפקומענדיקן ארץ
ישראל. ווען ער שטייט אין אָשוויענ־
טשים און ער זעט אין דער צעפּיבער־
טער פאַנטאַזיע ווי אַזוי אַ יידישע
אַרטיסטקע, וועלכע ער האָט געקענט,
האָט זיך נישט געוואָלט פאַרציכטן
אויף איר שטאָלץ און אַרויסגעכאַפּט
ביים ס.ס.־מאַן דעם רעוואָלווער און
אים דערשאָסן און ער דערפילט דעם
כוח פון אויפשטאַנד און ווידער־
שטאַנד, קוקט ער זיך אַרום און ער
זעט, אַז ער איז אָנגעשפּאַרט אויף
דעם אויטאָ פון דער יידישער בריגאַ־
דע פון ארץ ישראל און ער זאָגט:
„ס'איז זיך גוט אָנצולענען אויף אים,
כדי איבערצוקומען דעם קאָפּ־
שווינדל".

זרובבל שרייבט וועגן פּוילן און
וועגן אייראָפּע בכלל, אָבער ער ווענדט
זיינע בליקן שטענדיק קיין ארץ
ישראל און ער באַטאָנט, אַז דער ישוב
קעמפט קעגן דעם ענגלישן אימפּע־
ריאַליזם און ער איז צופרידן צו קע־
נען האָבן אַ באַווייז, אַז דער ציוניזם
איז נישט קיין משרת ביים ענגלישן
אימפּעריאַליזם, אַ סימן: דער ענגלי־
שער אימפּעריאַליזם וויל אויסראָטן
דעם יידישן ישוב. און ער באַטאָנט
כסדר, אַז דער ישוב קעמפט פאַר זיין
אויסברייטערונג. ער קעמפט דערפאַר,
אַז מען זאָל אַריינלאָזן די לעבנגעבלי־
בענע יידן. פאַר אים זענען אַלע יידן
אַ שארית הפליטה. אויך די אַמערי־
קאַנער יידן זענען דאָס! צי איז דאָס
טאַקע אַזוי און צי איז ריכטיק אַזוי
צו באַהויפּטן און צו שאַפן אַזאַ מין
סאָרט פּאַניק, איז אַן ענין צום באַ־
טראַכטן, אָבער זרובבל דענקט אַזוי
און פילט אַזוי און ער הערט נישט
אויף דאָס צו זאָגן! זרובבל דערלאָזט
נישט צו קיין בענקשאַפט נאָך דעם,
וואָס איז געווען אַ לעבן און איז גע־
בליבן אַ באַרג חורבן. ער ווייזט אָן,




אַז קיינער פון די רעפּאַטריאירטע באַ־
זעצט זיך נישט אין דער זעלביקער
שטאָט, ווו ער האָט געוווינט פאַר דעם
חורבן, ווייל זיין שטאָט עקזיסטירט
מער נישט. אַלע רעפּאַטריאירטע ווערן
באַזעצט אין אַנדערע שטעט און אַפילו
אַנדערע געגנטן.

אין בוך זענען פאַראַן אַ סך אינ־
טערעסאַנטע און וויכטיקע בילדער,
אָבער די וויכטיקסטע זענען די דאָ־
זיקע, וואָס שטעלן פאַר קינדער אין
דעם קאַפּיטל „צווישן יידישע קינ־
דער". מען זעט די דאַרע און בלייכע
יידישע קינדער פון די יידישע שולן,
אַזוי פיל הונגער, נויט, טרויער און
שרעק אין זייערע יידישע אייגעלעך.
זרובבל דערציילט, אַז ער האָט מורא
געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט די
קינדער און ווען ער האָט זיך גע־
טראָפן מיט זיי, האָט ער געהאַט דאָס
געפיל, אַז זיי זענען עלטער פון אים,
דעם זעכציק יאָריקן. יצחק קאַצענעל־
סאָן האָט שוין דערציילט אין אַ ליד,
אַז ער האָט געזען אַ קינד פון אַ פּאָר

יאָר, וואָס האָט אויסגעזען עלטער פון אַן אַלטער באָבע... „ווי נעבעכדיק, שרייבט זרובבל, זע איך אויס מיט מיין גאַנצן באַגאַזש לעבנס דערפאַרונג אין פאַרגלייך מיט דעם 11-יאָריקן יינגל אין אָטוואָצקער קינדער הויז, וואָס אויף זיינע אויגן האָט מען אומגעבראַכט זיין מאַמע, זיין טאַטן, זיין שוועסטער, זיין ברודער. אויך אים האָט מען געוואָלט פאַרנאַרן און „ליקווידירן", נאָר ער האָט זיך נישט געלאָזט און ער איז אַנטלאָפן אין וואַלד אריין".

זרובבל דערציילט, אַז ער האָט זיך לאַנג געראַנגלט מיט דער אידייע, צי זאָל ער די קינדער דערציילן וועגן דעם יידישן אויפשטייג אין ארץ ישראל. ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט אַרויסרופן קנאה ביי זיי. און ער האָט זיך דאָך באַשלאָסן צו דערציילן און ער האָט טאַקע אַרויסגערופן פאַרדרוס און קנאה ביי זיי, אָבער ער איז איבערצייגט, אַז דאָס וועט ביי זיי אַרויסרופן אויך מוט און גלויבן און עס וועט זיי צונויף קומען און זרובבל פאַרלאַנגט צו ראַטעווען דאָס ביסל געבליבענע קינדער, כל זמן עס איז נישט צו שפּעט!

פאַראַן אַ גאַנצקייט אין דער פּערזאָן פון זרובבל און עס איז אויך פאַראַן אַ גאַנצקייט אין זיין בוך „באַרג חורבן". ער הערט אַרויסשרייען פון יעדן זעמדל און פון יעדן אַשעלע:

„שטייגט אויף, בויט און לעבט!
דאָס יידישע פאָלק לעבט און
וועט לעבן!"

---

וועגן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
Pueyrredón 667 Buenos Aires